דר. יעקב י. מייטליס

# די שבחים פון רבי שמואל און רבי יודא חסיד

(א צושטייער צו דער יידישער פאלקלאר־פארשונג)

„קדם" לאנדאן

לאנדאן 1961

הויפט־פארקויף אין אמעריקע:

„ציקא" פארלאג און ביכער־צענטראלע, ניו־יארק

דעם ליכטיקן אנדענק פון מיינע עלטערן

יוסף לוי און חנה ז״ל,

און פון פנחס־פאוועל נ״ע

# א י נ ה א ל ט

## צווייטער טייל

# הקדמה

די סטודיע אינעם יידישן פאלקלאר, וואס מיר לייגן איצט פאר דעם לייענער, איז בעצם א טייל פון א גרעסערער פארש־ארבעט איבער דער געשיכ־טע און אויפבוי פונעם אלט־יידישן מעשה־בוך, זיינע מקורים און מאטיוון, און וואס גנעמט לעת־עתה נאר ארום דעם מיטלעלטערלעכן שבחים־ציקל פון ר׳ שמואל און ר׳ יודא חסיד, די גרויסע מקובלים און צדיקים פון אשכנז אינעם 12טן און 13טן יארהונדערט. דער דאזיקער ציקל, הגם דער קלענסטער אין כמות (בסך־הכל 27 מעשות), איז אבער איינער פון די וויכטיקסטע, וואס מיר פארמאגן אין דער אלט־יידישער מעשה־טראדיציע. מיר האבן דא קודם כל צו טאן מיט א בעל־פה מסורה, וואס האט זיך דורות־לאנג געוועבט ארום די צוויי גדולים און איז ערשט שפעטער געווארן ליטעראריש פארפיקסירט, פאר־שריבן און געזאמעלט. עס זענען מעשות, וואס מיט זייער פשטות און פאלקס־טימלעכן סטיל טראגן זיי אונדז אוועק אין א וועלט, וואס האט נאך אויף זיך ז׳עם בולטן חותם פון אמתדיקער פאלקס־יצירה, מיט זייער גאנצער תמימות־דיקער גלייביקייט און דעם כישוף פון פאעטישער שיינקייט. דער בעצם רויקער, אפט ביז גאר נאיווער טאן פונעם סיפור־המעשה מיט זיינע פאנטאס־טישע מאטיוון און מעשה־ניסים, דערקוויקן נאך ביי היינטיקן טאג אונדזער געמיט.

מיר האבן דא צו טאן מיטן טיפ פון שבחים, וואס דערציילן די גרויס־קייט און די מופתים פון די צוויי מיטלעלטערלעכע גדולים אין אשכנז, און וואס טראגן אויף זיך דעם חותם פון דער דורות־אלטער ביאגראפישער לעגענדע (מעשה ב...), וואס מיר געפינען אין א גרויסער צאל אין תלמוד און אין דער רבנישער ליטעראטור. א סך פון אט די מאטעריאלן זענען נאך עד היום צעווארפן איבער כל מיני כתב־ידן אין ביבליאטעקן און אין זאמלונגען, וואס זענען על־פי־רוב געבליבן אומבאקאנט. האבן מיר מיט אונדזער ארבעט געמאכט אן התחלה, צוגעצויגן ווי ווייט מעגלעך נייע, ביז איצט נישט־פארעפנטלעכטע מקורים, זיי פארגליכן מיטן טעקסט פונעם מעשה־בוך און זיי געפרוווט ארייג־צוזעבן אין דער אלטער יצירה, כדי דערפון צו מאכן אן ארגאנישע גאנצ־קייט. האבן מיר צום ערשטן מאל איבערגעזעצט אויף א מאדערנעם יידיש דעם שבחים־ציקל פון ר׳ שמואל און ר׳ יודא חסיד און אגב צוגעקליבן עטלעכע מסורות, וואס זענען נישט בנמצא אין דעם "קאנאן" פון מעשה־בוך, כדי אויף אזא אופן משלים צו זיין דעם ציקל. אוודאי וואלט מען געקענט מוסיף זיין נאך און נאך, בפרט אינטערעסאנטע מעשות און וואריאנטן, וואס האבן זיך אויפ־געהיטן אין פארשיידענע זאמלונגען. אבער צוליב טעכנישע סיבות האבן מיר געמוזט דערויף לעת־עתה מוותר זיין. אפשר וועט באלד קומען די צייט, ווען

די יידישע פאלקלאר־פארשונג וועט זיך נעמען צו א סיסטעמאטישער ארבעט און די צוואַרפּענע מעשה־שטאפן זאמלען, באארבעטן און זיי אריבערפירן אין דעם אוצר פון דער יידישער אגדה. אזא ארבעט וואלט געווען א וויכטיקער אויפטו אויפן געביט פון כינוס אין יידיש, אן ארבעט לדורות, וואס נאר אונדזער דור, וואס פארמאגט נאך די שליסלען צו די אוצרות פונעם פאלקס־שאפן, קען זי אפטאן בשלמות.

בשעת דער מחבר האט מיט קנאפע דרייסיק יאר צוריק ארויסגעגעבן זיין מאנאגראפיע וועגן מעשה־בוך אין דייטש, האט ער, וואס אן אמת, געהאט פארטראכט א פלאן פון א סיסטעמאטישער אויספארשונג פון דער מעשה אין יידיש, אזוי ווי זי איז פאראן סיי אין די כתב־ידן און סיי אין דרוק, און געבן באגלייך א קאמפלעטע פארטייטשונג פון די מעשה־שטאפן אין יידיש, כדי אזוי ארום אריבערצופירן דאס ביסל אייגנס פון אמאליקע דורות אין די מאדערנע ליטעראטור. אין משך פון דער לאנג־יאריקער צוגרייט־ארבעט האט זיך אבער ארויסגעוויזן, אז אזא סיסטעמאטישע און כוללדיקע ארבעט, וואס דארף זיין דער עמוד־התווך פון אונדזער כינוס אין יידיש, איז ביי היינטיקן טאג, און אן דער נייטיקער שטיצע מצד דער יידישער עפענטלעכקייט, כמעט אן אוממעגלעכקייט. מוז, על כן, דער מחבר די דאזיקע ארבעט דערווייליע אפלייגן און ווארטן אויף א שעת־הכושר. עס ווילט זיך אבער האפן, אז בקרוב וועט זיך פארט באווייזן דער אמתער גואל פון דער יידישער פאלקס־שאפונג און וועט, ווי דער פרינץ אינעם פאלקס־מעשהלע, אויפוועקן די יידישע מעשה פון איר לאנגן פארכישופטן שלאף צו א באנייט, פרוכפערדיק לעבן.

מיט זיין איצטיקער ארבעט איז דער מחבר נישט אויסן געווען צו געבן סאמע גאלע חידושים. זיין אויפגאבע איז געווען מער א סינטעטישע איידער אן אנאליטישע, שטיצנדיק זיך על־פי־רוב אויף די אויספירן און רעזולטאטן פון דער פארשונג. רק דא און דארט איז אים אפשר געלינגען אפצופרעגן א הנחה און צו קומען צו א נייער מסקנה. דער ערשטער טייל פון דער ארבעט פארנעמט זיך, על כן, מיט די פערזענלעכקייטן פון ר׳ שמואל און ר׳ יודא חסיד, זייער שיטה אין חסידות און מיט דער ראלע פון דער אלט־יידישער מעשה אינעם שבחים־ציקל, איר מהות און אירע מאטיוו־וואנדערונגען. אינעם צווייטן טייל קומען די מעשות גופא. די איבערזעצונג שטיצט זיך אויף דעם טעקסט פונעם ערשטן באזעלער דרוק (1602). היות ווי אין ״באזעל״ איז דער כראנאלאגישער סדר פון די מעשות שטארק פארפלאָנטערט, נישט פאראן קיין מוקדם ומאוחר און דערצו איז די נומעראציע פארגרייזט, האבן מיר זיך לשם פארגלייך באנוצט מיט דער שפעטערדיקער אויסגאבע פון ״אלירלייא גשיכטי״ (אמסטערדאם, 1723), וואס איז לכל הדעות א פינקטלעכערע און אקוראטע אויסגאבע. די מעלה פון דעם סדר און פון דער נומעראציע לגבי ״באזעל״, וואס מיר האבן דא איבערגענומען, וועט זיין קלאר פאר יעדן, אזוי אז מען פארשפארט וועגן דעם מאריך צו זיין.

איצט נאך א וואָרט מכוח דער איבערזעצונג גופא. ווי ווייט מעגלעך האט

זיך דער מחבר באמיט, אז די איבערזעצונג זאל זיין געטריי צום אָריגינאַל, נישט מוסיף געווען און נישט געמינערט פונעם טעקסט. דער מחבר האָט אויך געפּרוּווט אָפּהיטן דעם הארציקן, תמימותדיקן טאָן פונעם מעשה־דערציילער, דעם ריטעם פון זיין שפּראַך און די גאַנצקייט פונעם סיפּור־המעשה. בדרך כלל האָט זיך דער מחבר געפליסן צו פאַרמיידן אַ וועלכע עס איז שפּראַכלעכע חידושים און אויסגעמיטן מליצהדיקע פאָרמען, וואָס וואָלטן נאָר געשטערט דעם סטיל און כאַראַקטער פון דער מעשה. נאָר אין געוויסע פאַלן האָט ער זיך אַנטשלאָסן אַריינצונעמען עטלעכע אַלטפרענקישע, אָבער שורשדיקע ווערטער, וואָס ער וואָלט וועלן, אַז זיי זאָלן זיך קונה שביתה זיין אינעם היינטיקן יידיש־לשון. ווי ווייט דאָס איז דעם מחבר געלונגען, וועלן די לייענער און בעיקר אונדזערע בעלי־לשון קענען אָפּשאַצן ווי געהעריק.

ליידער איז בשעת דרוקן אַריינגעפאַלן אַ פאַרדראָסיקער טעות אין דער נומעראַציע־באַצייכענונג: אַנשטאָט נומ׳ שטייט אומעטום נר. — אַ טעות, וואָס האָט זיך שוין טעכניש נישט געלאָזט פאַרריכטן.

צום סוף וויל דער מחבר נאָך אויסדריקן זיין הארציקן דאַנק די פריינט מאַקס וויינרייכן און יודא א. יאָפען (ניו־יאָרק), שלמה בירנבוימען (לאָנדאָן) און יום־טוב לעווינסקין (תל־אביב) פאַר זייערע אויפקלערונגען און אינטערעסאַנטע הערות, מיט וואָס דער מחבר האָט זיך געגרונטלעך באַנוצט. אַ באַזונדערס הארציקע ברכה דעם פריינד און קינסטלער בען (פּאַריז) פאַר דער פּרעכטיקער צייכענונג פון דער הילע, וואָס באַשיינט דאָס בוך. אויך אַלע די פריינד, וואָס האָבן מיט זייער אויפמונטערונג און וואַרעמען אינטערעס צוגעהאָלפן, אַז דאָס בוך זאָל אַרויסגיין — אַ האַרציקן יישר־כוח. ברוכים תהיו.

ביים לייענען פון די קאָרעקטורן האָבן געהאָלפן דעם מחבר די פריינד יוסף לעפּטוויטש און י. ח. קלינגער און זאָל זייער נאָמען דערמאָנט ווערן צום גוטן.

דאָס בוך איז געהייליקט דעם אָנדענק פון מיינע עלטערן, יוסף לוי און חנה ז״ל, וואָס זענען אוועק פון אונדז אין דעם גרויסן אומקום אין די גזירות תרצ״ט־תש״ה, און פון פּנחס־פּאַוועל ז״ל, דעם שוואָגער און פריינד, וואָס האָט די אַרבעט באַגלייט מיט אַ סך פאַרשטענדעניש און וואַרעמקייט.

לאָנדאָן, נאָוועמבער 1960.

# די שבחים
# פון רבי שמואל און רבי יודא חסיד

קאפיטל 1

## די אלטיידישע מעשה
## און דער "ריין־דונאי מעשות ציקל"

הגם דאס אלט־יידישע מעשה־בוך איז צום ערשטן מאל דערשינען אין באזעל[1] אינעם יאר שס״ב (1602), הייסט דאס אבער נישט, אז די באזעלער אויסגאבע איז געשטאנען ביים סאמע אנהייב, ביים וויגל פון דער יידישער מעשה. אזא מין מסקנה וואלט געווען לחלוטין א פאלשע. אדרבא, דאס מעשה בוך אין זיין איצטיקער פארעם איז א סך־הכל פון א לאנגן פראצעס פון פאלקס־יצירה, א פראצעס פון א נאטירלעכן אויפבלי, וווקס און א צייטיק ווערן פון דער פאלקס־מעשה. איז טאקע מיט דער צייט אנגעוואקסן א רייכער, פילפארביקער דערציילנדיקער שטאף, וואס מען האט גענומען שפעטער פאר־פיקסירן און ארדענען. דער מחבר אדער ארויסגעבער פון דער באזעלער זאמלונג פון אנגעקליבענע תלמוד־אגדות און מדרשים אויף יידיש, פון כל־המיני מעשות, לעגענדעס, משלים און קורצע נאוועלן, האט טאקע געפרווום צום ערשטן מאל צו קאדיפיצירן אין א גרעסערן מאסשטאב א טראדיציע, וואס איז שוין אלט געווען עטלעכע הונדערט יאר און וואס איז איבערגעגעבן געווארן סיי אין שריפט און סיי בעל־פה פון דור צו דור איבער צייטן און לענדער.

האט דווקא די מעשה אין יידיש גאר א לאנגן און באטייטיקן שלשלת־היוחסין. פון איין זייט שפארט זי אן הארט אין דער אלטער העברעישער מסורה, פון וואנען זי האט אין משך פון לאנגע דורות שפע׳דיק געצויגן איר יניקה. פון דער אנדער זייט האט זי אויך א שיינעם ייחוס־עצמה. זי איז געבוירן געווארן, בעת יידיש אלס לשון האט זיך גענומען אויספורעמען אין די געטאס פון אשכנז און פון די סלאווישע מדינות, און איז געוואקסן צוזאמען מיט דער פאלקס־שפראך אין משך פון הונדערטער יארן פון איר בהדרגהדיקער אנטוויקלונג.

---

[1] אויף להבא וועלן מיר זיך באנוצן מיט די פאלגנדיקע קיצורים: מ״ב = מעשה בוך און ב. = אויסגאבע באזעל.

צווישן די פילצאליקע תלמוד־אגדות און מדרשים, מעשהלעך און דער־ציילונגען, האט זיך אין דעם מעשה־בוך דערהאלטן גאר אן אינטערעסאנטער ציקל מעשות ארום די צוויי גדולי אשכנז פונעם 12־טן און 13־טן יארהונדערט, ר׳ שמואל און זיין זון ר׳ יודא חסיד. עס איז דער צווייטער גרויסער ציקל פון 27 מעשות אינעם מעשה־בוך, וואס מיר רופן אן מיטן נאמען דער „ריין־דונאי ציקל״, מחמת ער שפילט זיך אפ אין דער געגנט פון די צוויי גרויסע טייכן אין דייטשלאנד, דער ריין און דער דונאי, און וואס איז אינעם טעקסט גופא אפגעטיילט פון די איבעריקע מעשות מיט א באזונדערן קעפל. אט די מעשות ארום די צוויי גדולים און זייערע תלמידים אין אשכנז האבן אמאל, בלי ספק, עקזיסטירט פאר זיך ווי א ליטעראַרישע גאנצקייט, איידער זיי זענען אריינגע־נומען געווארן און פאראייניקט מיטן מעשה־בוך אלס אזעלכע. פון אנהייב אין א בעל־פה־טראדיציע האבן די מעשות געוואנדערט פון מויל צו מויל, געווארן איבערדערציילט און איבערגעגעבן פון דור צו דור מיט הוספות און שינוים, צוגעפאסט צום געשמאק און די באדערפענישן פון דער צייט, און פון דעם לייענער, ביז זיי זענען זיך צעוואקסן אין משך פון די יארהונדערטער און צום סוף באקומען זייער איצטיקן אויסזען און געשטאלט. ערשט אין א שפּעטער־דיקער צייט איז דער דאזיקער ציקל פארפיקסירט געווארן, זיינע מעשות, סיי אין העברעיש און סיי אין אלטיידיש, פארשריבן און אזוי ארום אפגעהיטן געווארן פון פארגעסנקייט.

אין אמאליקע צייטן האבן מסתמא עקזיסטירט א ריי ווערסיעס פון אט די שבחים ארום ר׳ שמואל און ר׳ יודא חסיד. דערהאלטן האבן זיך נאר, לויט ווי מיר וויסן, צוויי פולשטענדיקע ווערסיעס: איינע אין העברעיש און די אנדערע אין יידיש וואס זענען על־פי־רוב אידענטיש. בעת אבער די העברעישע ווערסיע איז עד היום נאך נישט פולשטענדיק דערשינען אין דרוק, איז דאס בינטעל מעשות אין יידיש אריין אינעם מעשה־בוך און אזוי ארום פארבליבן א ירושה לדורות. נאטירלעך האבן אויך פאראיינצלטע מעשות, וואס געהערן צום ריין־דונאי ציקל, געשטראמט דורך א ריי ביי־קאנאלן פון דער יידישער מיטלעלטערלעכער מעשה־ליטעראטור און זיי געפינען זיך ביים היינטיקן טאג אין א ריי אלט־יידישע כתב־ידן, וואס האבן זיך צום גליק דערהאלטן. זעט זיך אויס, אז דער קאפיסט פונעם באקאנטן מינכענער כ״י Cod. Hebr. 100 יצחק בן יהודה רויטלינגן, האט געהאט פאר זיך א שפאר ביסל מעשות פון ר׳ שמואל חסיד (און אפשר אויך פון ר׳ יודא), וואס ער האט אבער נישט קאפירט פאר זיין פאטראן צוליב אומבאקאנטע טעמים. ער פארדופט זיך לאקאניש אין א נאטיץ (מעשה נר. 12), ממש כלאחר יד אויף א מעשה ״גישאך אן דעם חסיד ר׳ שמואל ורומקייט אז איר הוירן ווערט״. אבער די מעשה גופא פון ר׳ שמואלן דערציילט ער נישט. עס וועט אונדז נאך אויסקומען וועגן דעם צו רעדן מער באריכות אין קאפיטל 4 (אונטער נר. ב׳). אבער דערווייל ווילן מיר שוין דא אנווייזן, אז אינעם כ״י רויטלינגן איז יא פאראן א מעשה פון ר׳ שמואלן און

ווי אזוי עס זענען צו אים געבוירן געווארן זיינע צוויי זין, ר׳ אברהם און ר׳ יודא, — א מעשה, וואס קארעספאנדירט מיט נר. קפ״ב אין אונדזער מעשה־בוך.

אין זיין איצטיקער פארעם פארמאגט דער ״רייך־דונאי ציקל״ 27 מעשות. עס וואלט אבער געווען א טעות צו מיינען, אז דערמיט שעפט זיך לגמרי אויס די גאנצע בעל־פה און בכתב־טראדיציע פון אט די שבחים־לעגענדעס. פאראן א שפאר ביסל מעשות פונעם קרייז ארום ר׳ שמואל און ר׳ יודא חסיד, וואס זענען צוליב פארשיידענע סיבות בכלל נישט אריין אין אונדזער ציקל. עס וועט זיין גענוג דא דערוויילל צו דערמאנען, אז דער העברעישער מעשה־כתב־יד, וואס נ. ברילל [2] האט באשריבן, פארמאגט 36 (פון זיינע פערציק) מעשות, וואס אבער נאר 21 פון זיי זענען בנמצא אין דער יידישער ווערסיע פון דער טראדיציע פונעם מעשה־בוך. אין אן אנדערן העברעישן כתב־יד פונעם 16־טן יארהונדערט, וואס האט זיך געפונען אין דער שטאט־ביבליאטעק פון פראנקפורט־אויפן־מיין [3], האבן זיך אויפגעהיטן אכט מעשות פון וואס נאר זעקס פון זיי זענען אידענטיש מיט די מסורות אין יידיש. דערמאנט זאל אויך דא ווערן דער כ״י יאפע [4], וואס האט אויפגעהיטן פינף מעשות מיט אינטערעסאנטע נוסחאותן, וואס באלאנגען צו אונדזער שבחים־ציקל. אויך דער ספר מעשה נסים, א זאמלונג פון ר׳ יוזפא בן נפתלי שמש פון ווארמס פונעם 17־טן יארהונדערט (און ארויס־געגעבן פון זיין זון אליעזר ליבערמאן אין אמסטערדאם אין יאר 1696) האט א מעשה נורא פון ר׳ יודאס מוטער אין ווארמס, בשעת זי איז געווען מעוברת מיט אים, וואס געפינט זיך אבער נישט אין אונדזער מעשה־בוך־ציקל. אויך דער נישט־לאנג אויפגעפונענער און אגב זייער אינטערעסאנטער כתב־יד אינסברוק, וועגן וועלכן עס וועט אונדז נאך אויסקומען צו רעדן באריכות, פארמאגט 26 מעשות, וואס זענען אידענטיש מיט אונדזערע מקורים. נאר איין מעשה (נר. 82) פון ר׳ יודאן און זיינעם א זון ר׳ זלמן, איז אין אונדזער ציקל נישט פאראן, געפינט זיך אבער אינעם כ״י ברילל נר. 23. אויך אין דער מוסר־ליטעראטור שטויסן מיר זיך אן פון צייט צו צייט אין א מעשה, וואס לויט איר תוך און נוסח געהער זי צו דעם מיטלעלטערלעכן שבחים־קרייז, וואס איז אבער נישט אריינגענומען געווארן אין אונדזער ציקל. דער היוצא־לנו־מזה איז, אז א שפאר ביסל מעשה־מאטעריאל און אלטע טראדיציעס, וואס די פאלקס־פאנטאזיע האט אין משך פון דורות געשאפן, זענען געבליבן מחוץ פון דעם ״קאנאן״ פונעם מעשה־בוך און זענען לעת־עתה נאך צעווארפן איבער

---

[2] N. Brüll, Beiträge zur jüdischen Sagen—u. Spruchkunde des Mittelalters. "Jahrbücher für jüdische Geschichte u. Literatur" (1889), IX, p. 1—71

[3] דעם כ״י האב איך געזען בערך אינעם יאר 1930, בשעת ער איז נאך נישט געווען רעגיסטרירט. פגל. דעם מחבר׳ס בוך (דייטש) "Das Ma'assebuch" בערלין, 1933, ז. 102.

[4] פגל. קאפיטל 4, די כתב־ידן אין יידיש, ב, 2.

פארשיידענע האנטשריפטלעכע קאדעקסן און אין דרוקן, און ווארטן אויף זייער ארויסגעבער־גואל.

אז דער אויפגעהיטענער שבחים־ציקל אין זיין היינטיקער געשטאלט האט אמאל עקזיסטירט באזונדער, זען מיר קודם כל פון די העברעישע און אנדערע כתב־ידן, וואס האבן אונדז דערהאלטן א רייכן שבחים־מאטעריאל פון אט די גדולי אשכנז. אבער נאך בולטער קומט דאס צום אויסדרוק אין א נאטיץ, וואס האט זיך דערהאלטן אינעם סאמע מיט פון מעשה־בוך, טאקע צום אנהייב פון אונדזער ציקל. עס איז א סברא, אז דער ארויסגעבער־רעדאקטאר פון מעשה בוך האט געטריי קאפירט דעם כתב־יד, וואס ער האט באנוצט. אזוי ארום לייענען מיר אין אנהויב פון אט דעם ציקל (נר. קנ״ח): ״אל היא וויל איך נון אן היבן צו שרייבן דיא מעשים פון רבי יודא חסיד אונ׳ פון זיינם פאטיר רבי שמואל חסיד ווייש זיך אין אירן צייטן פר לאפין האט״. אפילו אינעם רעגיסטער, וואס גייט צום סוף פון בוך, האט דער ארויסגעבער אפגעזונדערט אונדזער ציקל פון די איבעריקע מעשות. ווערט טאקע צום אנהייב פון דער רשימה (נר. קנ״ח) איבערגעחזרט די נאטיץ: ״אל היא וויל איך נון שרייבן די סמנים פון רבי יודא חסיד אונ׳ פון זיינם פאטיר רבי שמואל חסיד...״ צום סוף פון דער מעשה נר. קפ״ב פארענדיקט דער רעגיסטער דעם ציקל מיט די ווערטער: ״ביז אל היא גיאן די מעשים רבי יודא״. לאמיר נאך דערמאנען, אז דער כ״י אינסברוק האט אויך דעמזעלביקן סדר. די מעשות פונעם ציקל (פון נר. 69) הייבן זיך אן מיט דער ווייטערדיקער איבערשריפט: ״היא היבן אן די מעשים פון רבי שמואל חסיד און זיין זון רבי יהודא זצ״ל״. דערנאך גייט א סדר מיט 26 מעשות (נר. 96—69) פון פאטער און זיין זון.

די שבחים־לעגענדעס שפילן זיך אפ אין די געגנטן פון די טייכן ריין און דונאי. דער ראדיוס פון זייער אקציע איז אויסגעשפרייט איבער די שטעט קעלן, מיינץ, שפייער און רעגענסבורג, — אלטע, בליענדיקע יידישע קהילות, ווו עס האבן געלעבט און עוסק געווען אין תורה די העלדן פון דער יידישער פאלקס־שאפונג אינעם מיטלעלטער. די מעשות טראגן דעם בולטן כאראקטער פון א שבחים־ליטעראטור, פון צדיקים־לעגענדעס מיט א לעבנס־באשרייבונג, וואס זענען אין א געוויסן זין דער המשך פון דער ביאגראפישער אגדה פון דער תלמוד־תקופה, פון די תנאים און אמוראים. אגב זענען די זעלביקע מעשה־שטאפן געווען שטארק פארשפרייט סיי אינעם אריענט און סיי ביי די מערב־פעלקער מיט אינטערעסאנטע ווראיאנטן און אנאלאגיעס אין דער בודיסטישער ליטעראטור און אין די מעשות פון די קריסטלעכע הייליקע. ביי אונדז יידן האט זיך די ליטעראטור באזונדערס שטארק צעבליט ארום די מקובלים פון צפת מיטן אר״י בראש (פונעם 16־טן יארה.) און די שפעטער־דיקע שאפער פון חסידות אינעם 18־טן יארהונדערט. עס איז א קראנץ פון וואונדערלעכע מעשות, וואס דאס פאלק האט אין משך פון דורות געוועבט מיט גרויס יראת־הכבוד און א סך ליבשאפט ארום זיינע גרויסע זין, די פארהייליקטע

חסידים־מקובלים ר׳ שמואל און זיין זון ר׳ יודא מיט זייערע תלמידים, די זיילן פון יידישן מיטלעלטער אין דייטשלאנד. גאנצע דורות האבן זיך אויף די דאזיקע מעשות דערצויגן און זייער השפעה אויף דער פאלקס־ליטעראטור איז בלי ספק געווען א גרויסע.

א סך פון די מעשות ווערן דערציילט, ווייל זיי זענען אויסן אונדז עפעס צו לאזן הערן, א רבותא מיט א מוסר־השכל צום סוף, וואס דערפון זאל מען אפלערנען ווי אזוי זיך אויפצופירן אויף דער וועלט און טאקע גיין בדרך הישר. בעצם פרעטענדירט די מעשה צו האבן א קאנקרעטן באטייט, זי וויל אז מען זאל איר גלייבן און דערפאר קומט אפט אן אנצוהערעניש "וואס זיך אין אירן צייטן פארלאפין האט". דערמיט וויל מען שטעמפלען די אמתדיקייט פון דער מעשה־נורא. אין א געוויסן זין וויל מען דערציילן אן אמתע געשיכטע, א געשעעניש, א res gesta. האבן מיר טאקע אין אט די מעשות א אפגע־בלאסטן אפקלאנג פון א פאסירונג פון יענע ווייטע צייטן מיט א קערנדל היסטארישן אמת. שטויסן מיר זיך אויך אן אין זיי אין א שטיק רעאלער לעבנס־געשיכטע פון די העלדן גופא, וואס דאס פאלק האט שפעטער אידעאלי־זירט און אויף זיין שטייגער אויסגעטייטשט. מיט זייער פשטות און תמימותדיקן סיפור־המעשה אנטפלעקן די מעשות פאר אונדז די גאנצע שרעק און די פינצטערע שטימונג, וואס האט ארומגעכאפט די מיטלעלטערלעכע יישובים, ווו דאס יידישע לעבן איז געווען הפקר. פון יעדער שורה רעדט ארויס אן אימה און א פחד פאר דעם מארגן. עס איז די שרעק פאר די כסדרדיקע בלבולים, וואס האבן פארחושכט דאס לעבן פון ייד, פאר אלץ נייע מוראדיקע גזירות און אכזריותדיקע שחיטות, וואס האבן פון צייט צו צייט חרוב און מוחרב געמאכט די יידישע יישובים.

אין אזא צייט פון צרות און אומגליק באווייזן זיך אט די גדולים אלס די געטרייע היטער און העלפער פון פאלק. זיי וואקסן אויס פאר אונדזערע אויגן ממש צו ריזיקע געשטאלטן. איז עס דווקא כאראקטעריסטיש פאר דער יידישער מעשה, וואס זי גלאריפיצירט נישט דעם פיזישן, ברוטאלן כוח. אדרבא, זי באציט זיך מיט פולשטענדיקן ביטול צו דעם כוח פון דער נאקעטער פויסט. האט דען אנדערש געקענט טראכטן און פילן א פאלק, וואס האט אין משך פון לאנגע יארהונדערטער נישט געהאט קיין אייגענע, אקטיווע געשיכטע, נאר תמיד געווען אן אביעקט פון פרעמדער, פיינדלעכער הערשאפט, געלעבט ממש אויפן ראנד פון די וועלט־געשעענישן און תמיד געווען ארומגערינגלט מיט טויט־סכנות ? איז טאקע צוליב דעם רעאלע, אקטיווע געשיכטע געווארן פאר־וואנדלט אין א ניסימדיקער, אין א וועלט פון דמיון און מופתים. די וואָר איז געווארן חלום.

דערפאר טאקע קעמפט דער העלד פון דער יידישער מעשה גאר מיט אן אנדערן כלי־זין. עס איז נישט פון דער וועלט. דער יידישער העלד שעפט זיינע כוחות פון די פארהוילענע קוואלן פון יידישער גייסטיקייט און טיפער, ריינער אמונה. ער באזיגט דעם שונא נישט מיטן שווערד אין דער האנט, נאר

מיטן כוח פון ווארט און זיין תפילה, מיטן כוח פון זיינע מעשים־טובים. דאס זענען טאקע די צדיקים, וואס דורך זיי באווייזט גאט זיינע ניסים. דער צדיק איז ביי גאט כביכול ווי א בן־בית, זאגט דער תלמוד, און איז אפט אפילו גרעסער ווי די מלאכי־השרת אליין. דער כוח פון צדיק אויבן אין די הימלען און אונטן אויף דער ערד איז כמעט אומבאגרענעצט. זאגט טאקע דער תלמוד אויף אן אנדער ארט, אז מיט זיין גרויס צידקות איז דער צדיק בכוח אפילו מבטל צו מאכן די גזירות פון הימל. "גאט ב"ה איז גוזר א גזירה און דער צדיק איז זי מבטל"[5]. הייגט וואס פאר א ווונדער, אז דאס גאנצע יידישע מיטלעלטער האט עקשנותדיק געגלייבט אין די אויסערגעוויינטלעכע כוחות פונעם צדיק, וואס איז מגין אויפן דור און וואס שטעלט זיך איין פאר זיין פאלק און האט פאר קיינעמען קיין מורא נישט. זיין אומבאצווינגלעך געווער איז זיין טיפע אמונה. מיטן שם־המפורש קען ער פארטיליקן די שונאים, היילן קראנקע, מחיה מתים זיין און ברענגען א ישועה פאר יידן אין א צייט פון נויט.

ווי די קאָמפּאַראַטיווע פאלקלאר־פארשונג באווייזט אונדז, זענען די מאטיוון פון א סך פון אונדזערע מעשות נישט תמיד קיין אריגינעלע, קיין אויסנעמיקע, נאר גיכער אלגעמיינע און אוניווערסאלע. אפט בארגט די מעשה אויס איר סוזשעט פון דער פרעמד. ווייסן מיר דאך, אז בדרך כלל איז די צאל מאטיוון אינעם פאלקלאר א באגרענעצטע, הגם ווארייאנטן זענען פאראן לרוב. האבן מיר דא על־פּי־רוב צו טאן מיט וואנדערנדיקע מאטיוון מיט וואס די יידישע פאלקס־שאפונג באדינט זיך, כדי אויף א ווונדערלעכן אופן צו געשטאלטיקן דאס לעבן און די מעשים פון די גדולים פון יידישן עבר. די מעשה דערציילט פון פארשיידענע היסטארישע פערסאנאזשן אין פארשיידענע תקופות כמעט דאס זעלבע. נאר דער נוסח איז אן אנדערער, אפט מיט געוויסע שינוים און הוספות אינעם סיפור־המעשה. דער אויסגעבארגטער מאטיוו איז געשיקט צוגעפאסט צו דער נייער היסטארישער סיטואציע. טרעפן מיר זיך טאקע אן אין די מעשות מיט א ריי טראדיציאנעלע רעקוויזיטן, וואס זענען גוט באקאנט אינעם פאלקלאר און וואס ווערן כסדר איבערגעחזרט ביי פארשיידענע געלעגנהייטן. אזוי למשל די מאטיוון פון קפיצת הדרך, רייטן אויף א לייב, פליען אויף א וואלקן אדער זיין א רואה ואינו נראה. אפט טרעפן מיר זיך אויך אן מיט פאר־שטעלונגען פון גלוי אליהו, פון א נסיעה אויף יענער וועלט און פון א גן־עדן התחתון, ווו דער העלד פון דער מעשה פארברענגט א שבת אין דער דער־הויבענער חברותא פון די אבות, משה רבינו און אליהו הנביא. בכלל איז דאס מעשהלע לויט זיין אינעווייניקסטן מהות נישט געבונדן צו קיין צייט און ארט. פארן פאלקס־מעשהלע עקזיסטירן בכלל נישט די גרעניצן פון צייט און רוים. אין אים איז אלצדינג מעגלעך, אפילו די סאמע אוממעגלעכקייט, דערפאר טאקע קענען זיינע העלדן באווייזן אזעלכע אויסטערלישע ווונדער, וואס זייער שורש ליגט אין א וועלט א פארהוילענער, טראנסצענדענטאלער און וואס איז למעלה מן השכל.

---

[5] פגל. מועד קטן, ט"ז, ב ; שבת ס"ג, א.

### קאפיטל 2

## די מקובלים פון אשכנז

ביז די צייטן פון די קרייצצוגן איז דאס יידישע לעבן אין דייטשלאנד געווען בדרך כלל גוט פארפונדעוועט. עס האבן געבליט גרויסע און רייכע קהילות און עס האט אומעטום געפלייצט מיט אן אינטענסיוו, שטארק גייסטיק לעבן. ברויך מען דאך נאר צו דערמאנען אזעלכע וויכטיקע תורה־צענטרען ווי למשל שפייער, ווארמס, מיינץ, באן [1] און רעגענסבורג, כדי צו באנעמען די אויסערגעוויינטלעכע ראלע, וואס עס האבן אין יענע צייטן געשפילט די יידישע יישובים אין דייטשלאנד. צוזאמען מיט די שכנותדיקע מדינות פון לותיר און צרפת (לויטרינגן און צפון־פראנקרייך), האט אשכנז געשמט מיט זיינע גייסטיקע מנהיגים, זיינע יוסט־פארפונדעוועטע קהילות און בארימטע ישיבות, וווהין עס האבן געשטראמט לערנערס און תלמידי־חכמים פון ארבע־פינות העולם, און פון וואנען עס זענען דערנאך ארויסגעקומען די רבנים און גדולי־אשכנז מיט וועמען די יידישע וועלט האט ווייט געקלונגען. "זינט די טעג פון די אמוראים און די ישיבות פון פומבדיתא, סורא און נהרדעא, געפינען מיר אין ערגיץ נישט אזעלכע חשיבותדיקע תורה־צענטרען, וואס זאלן זיין גלייך צו די ישיבות אין די ריין־שטעט לותיר און שאמפאניע [2]". צווישן אט די מדינות האט זיך געשאפן אין משך פון לאנגע דורות א שטארקע קולטור־אייניקייט, וואס איז אפילו נישט אפגעשוואכט געווארן, בשעת פאליטיש איז שוין מער נישט געווען קיין שריד ופליט פון דעם אמאליקן שטארקן מלכות פון די קאראלינגער, וואס האבן בשעתם אט די אלע געביטן פאראייניקט אונטער זייער ממשלה.

זענען געקומען די קרייצצוגן (1096—1190) מיט זייערע געוואלדיקע רעליגיעז־סאציאלע אויפטרייסלונגען, וואס זענען אדורך איבער אייראפע ווי א שווערע ערדציטערניש און האבן פון דעם אלעם געמאכט א תל. באגלייך מיט די בלוטיקע מהומות און אכזריותדיקע שחיטות, זענען יידישע קהילות געווארן בדיל הדל. דאס יידישע לעבן איז כסדר געווען בחזקת סכנה, ווו נאר א ריר, דארט גזילות און רציחות. דא האט די וועלטלעכע מאכט עקספראפרייִרט און דא ווידער האט די קירך באגזלט און דערקלערט יידיש האב און גוטס פאר הפקר. אן אפקלאנג פון די אויפטרייסלענדיקע געשעענישן פון יענער צייט

[1] באקאנט איז געווען דאס ווערטל : "כי מבונא תצא תורה ודבר ה'", וואס די גדולי אשכנז האבן פאראפראזירט אויף די חכמים פון באן.

[2] אפרים א. אורבך, בעלי התוספות, ירושלים, 1955, ז. 15.

געפינען מיר אגב אין רבנו יעקב תם׳ס (בערך 1171—1100) פשט, פארוואס די דינים פון תרומה און מעשר זענען מער נישט חל אין די היינטיקע צייטן: „כי הקרקעות שלנו משועבדים לנכרים ודינא דמלכותא הוא באם לא יפריעו הטסקא, שיהיו משועבדות ומופקעות לו ואם כן אינן שלנו[3]". אויב דער יידישער באדן איז משועבד צו די גוים, וואס קענען אים צוליב נישט־געצאלטע שטייערן עקספראפרייִרן בכל רגע ורגע, היינט ווי קען מען אפשיידן תרומה און מעשר פון תבואות, וואס זענען מלכתחלה גארנישט אין יידישע הענט.

דער פעאדאליזם און די רעגירונגען האבן פון איין זייט ארויס־געשטויסן דעם ייד פון דער לאנדווירטשאפט, און אויף דער אנדער זייט איז אנגעאנגען אן ענלעכער פראצעס אין די שטעט, ווו די קריסטלעכע גילדעס פון די סוחרים און בעלי־מלאכות האבן ביי דעם ייד אלץ מער און מער צוגענומען יעטוועדע מעגלעכקייט פון ארבעט און חיונה. מיט די קרייצצוגן האט דער צעיושעטער המון באקומען די אפיציעלע ברכה פון דער קירך פאר זיינע גזילות און רציחות. אלץ וואס מען האט יידן אפגעטאן איז פארערעכנט געווארן פאר א הייליקער, קירכלעכער מיצווה, וואס איז געווארן אויסגעפירט אויפן פאן פון קאמף קעגן די אומגלייביקע. האט זיך טאקע יידיש בלוט געגאסן אין שטראמען און קיינער האט דאס נישט געפרווט אפצושטעלן. די גייסטיקע און פיזישע נויט פון פאלק איז ממש געווען אין לשער.

אין אזא שווערער צייט פון ביטערע יסורים און מוראדיקע שחיטות האט זיך דאס פאלק גענייטיקט, מער ווי תמיד, אין א שטארקן שוץ, כדי זיך נישט איינצוברעכן. דער נסיון איז געווען גרויס. אוודאי איז דער לימוד פון תורה, דער שקלא וטריא פון א הלכה, געווען איינער פון די הויפטזיילן פארן קיום פון יידישקייט. וואס הארטער עס איז געווען די ווירקלעכקייט, אלץ מער האט מען געזוכט א באשיצונג און אן אנשפאר אין דער ספערע פון רוחניות. וואס פיינדלעכער עס איז געווען די ארומיקע וועלט, אלץ מער האט מען זיך פאר־שאנצט אין דעם אייגענעם פעסטונג און זיך גענומען גרייטן מיט אייגענע כוחות צו א מלחמה פון דורות. האט דאך דאס תורה־לערנען אוועקגעטראגן דעם ייד אין אן אנדער וועלט, ווו מאטעריעלע דאגות און פערזענלעכע יסורים האבן נישט געהאט קיין האפט. עס איז געווען א ריין רוחניותדיקע וועלט, וווהין דער שונא פון דרויסן האט נישט געהאט קיין דריסת הרגל. אבער ריינע, אבסטראקטע הלכה, דער תלמוד און פוסקים, זענען אין יענע פינצטערע צייטן נישט ביכולת געווען אויפצוהאלטן דעם אפט אפגעשוואכטן, ספקותדיקן גייסט און אין אים שטארקן דעם נייטיקן ווידערשטאנד. א צייט פון גרויסע מאראלישע נסיונות און פיזישע יסורים האט פארלאנגט אויסערגעוויינטלעכע מיטלען. מען האט זיך געניטיקט אין א גייסט, וואס זאל מאכן דאס הארץ פון ייד אייזן־שטאל, אז נישט נאר דער למדן, נאר טאקע אויך דער פראסטער ייד זאל זיין

[3] תוספות ר״י שירליאון צו ברכות. פגל. אורבך, צ.וו.ז. 58.

בכוח בייצושטיין דעם שווערן נסיון און בלייבן א ייד. עס האט זיך בכן פאר־לאנגט א שטארקע פערזענלעכע מאראל, פארבונדן מיט א לעבעדיקן קוואל פון הייסער, לויטערער אמונה און א התלהבות, וואס פליסט ארויס פון די טיפענישן פונעם מענטשלעכן הארץ.

אט אויף דעם דרך זענען אוועק די בעלי־סוד, די מיסטיקער פון אשכנז פון יענע צייטן. צווישן זיי זענען אויפגעשטאנען אזעלכע גדולים־מקובלים ווי רבי שמואל, זיין זון רבי יודא חסיד און זיין תלמיד־מובהק ר׳ אלעזר בן יהודה רוקח. זיי האבן געלעבט אינעם סאמע צענטער פון די מוראדיקע שחיטות פון די קרייצצוגן, צווישן שפייער און רעגענסבורג, א באדן, וואס האט זיך געהאט אנגעזעטיקט מיטן בלוט פון טויזנטער יידן־קדושים. די צוויי גייסטיקע מנהיגים פון יענער צייט, ר׳ שמואל דער פאטער און ר׳ יודא דער זון, די בעלי־סוד פון דייטשן מיטלעלטער, זענען עס געווען די שאפער פון יענער רעליגיעז־עטישער באוועגונג, וואס איז באקאנט מיטן נאמען חסידים (נישט צו פארבייטן מיטן חסידיזם פונעם 18־טן יארה. פון ר׳ ישראל בעל־שם־טוב און זיינע תלמידים). זיי זענען דאס געווען די מחברים פון דעם קלאסישן מוסר־ספר, דעם ספר חסידים, וואס האט זיך גיך קונה שם געווען אויף דער יידישער גאס מיט זיין הויכן מאראלישן פרעסטיזש, וואס האט אים דערהויבן צו א מין Vademecum אין יעדן יידישן הויז. אינעם צענטער פון זייער וועלט־באנעם איז געשטאנען דאס ריינע מענטשלעכע הארץ, די קוואליקע, טיפע אמונה און די ערלעכע, גוטע כוונה. ווילן טאקע די מחברים פון ספר חסידים פירן דעם יידישן מענטש בדרך הישר, אים לערנען ווי זיך נוהג צו זיין אין יאג־טעגלעכן לעבן, כדי עס זאל זיין א רייך, ערלעך לעבן און דער מענטש זאל נישט בכשל ווערן. בעצם איז דאך דאס לעבן זייער שווער. עס איז פול מיט מכשולים, מיט עוולות און שלעכטע מעשים, מיט זינד און מידות רעות, וואס פאר זיי קומט דעם מענטש א הארבער עונש. קומט על כן דער ספר חסידים און וויל פארלייכטערן דעם עונש און דעם ייד צוהעלפן זוכה צו זיין צו עולם הבא. אין א געוויסן זין איז דער ספר חסידים טאקע ענלעך צו די תשובה־ביכער און דרשות־זאמלונגן מיט זייערע צענדליקער מוסר־מעשות (exempla) פון דער קריסטלעכער וועלט.

די שיטה פון די מחברים פון דעם ספר חסידים איז געווען א רייך ספיריטועלע. אין א געוויסן זין האט זי זיך געגומען איבערוווערטן א סך פון די ביזאיצטיקע, אנגענומענע ווערטן. זי באנוצט זיך מיט א נייער קאנצעפציע פון א מין אידעאלער הומאניטעט. ווי דער חסידיזם פונעם 18־טן יארה., איז זי געשטאנען אין א בולטן קאנטראסט צו דעם פרימאט פון אבסטראקטן, שארפן לערנען און דעם פלפול פון די בעלי־תוספות. א חוץ הלכה און דינים איז פאר דעם נייעם טיפ חסיד אויך וויכטיק די עטישע האלטונג פונעם מענטש, זיינע מידות און מעשים טובים. דער אמתער כוח פון חסיד ליגט נישט אין זיין אינטעלעקטואלער שארפקייט, אין דער מאס פון "לערנען", וואס ער האט

געלערנט, נאר דווקא אין דער עטיש־רעליגיעזער מדרגה אויף וואס ער געפינט זיך דערויף[4]. זאגט טאקע ר׳ שמואל חסיד, איינער פון די מחברים פון סדר חסידים אין דער הקדמה, אז ער האט פארפאסט דעם ספר היראה (א טייל פונעם ספר חסידים) "נישט דערפאר ווייל איך בין קליגער פון מיינע מיט־צייטלער. אין דער אמתן בין איך א סך קלענער פון זיי סיי אין מעשים טובים און סיי אין תורה. זענען דאך פאראן אין מיין דור חכמים אין דער תורה, אין יעטוועדער חכמה און אין מעשים, היינט ערשט יראי־שמים, וואס זענען גרעסער פון מיר. אבער צוליב זייער גרויסער חכמה און שארפקייט זענען זיי זיך מפלפל אין תלמוד, וואס עס איז נישטא קיין ברעג צו זיין וויסן ... "(ולא שאני חכם מבני דורי כי קטן אני במעשים טובים ובתורה. כי יש בדורי חכמים בתורה ובכל חכמה ומעשים ובעלי יראה יותר ממני, אלא מרב חכמתם מפלפלים בתלמוד אשר אין קץ לחכמתה...)".[5] דערפאר טאקע האט ער פארטראכט דעם ספר היראה "כדי יעדער וואס פארכט זיך פאר גאטס ווארט זאל זיין געווארנט". אט וועגן וואס עס גייט זיי, די חסידים פון אשכנז: נישט סתם לומדות און שארפער פלפול, נאר פנימיות און אמתע פרומקייט.

דערפאר טאקע שטעלט דער ספר חסידים דעם טראפ אויף די אזוי־גערופענע "חובות הלבבות", אויף די ריינע פליכטן פון הארץ. דער שורש פון אלצדינג, חזרט כסדר איבער דער ספר חסידים, איז דאס מענטשלעכע הארץ. רחמנא ליבא בעי. גאט פארלאנגט נאר דאס ריינע הארץ פון א מענטש. אלס אן אילוסטראציע ברענגט דער ספר חסידים די דערהויבענע מעשה פון א פאסטעך, א גרויסער פראסטאק, וואס האט אבער אויף זיין תמימותדיקן אופן ערלעך געדינט גאט. געווען אמאל, דערציילט דער ספר חסידים, א פאסטעך, וואס האט געפאשעט די בהמות פון די שטאט־לייט. ער האט אבער נישט געקענט קיין שייטל עברי. יעדן פרימארגן האט ער, אויפהייבנדיק זיינע אויגן צום הימל, געזאגט: "רבונו של עולם, עס איז דיר באוווסט, אז ווען דו וואלטסט געהאט א סטאדע מיט בהמות און וואלסטס זי מיר איבערגעגעבן צום פאשן, פון יעדן איינעם פארלאנג איך מיין לוין, אבער דיינע בהמות וואלט איך געהיטן אומזיסט, ווייל איך האב דיך זייער ליב". האט זיך דערפון אמאל דער־וווסט א תלמיד־חכם, האט ער צו אים געזאגט: נאר איינער, אזוי דאוונט מען נישט. האט מיט אים דער תלמיד־חכם געלערנט דעם גאנצן סדר פון ברכות און קריאת־שמע, כדי ער זאל קענען ריכטיק דאווגען. איז דער פאסטעך געווארן שטארק צעטומעלט און האט באלד פארגעסן די ברכות, וואס דער תלמיד־חכם האט אים אויסגעלערנט און זיין אייגענע פראסטע תפילה האט ער שוין מורא געהאט צו זאגן. האט ער על כן גארנישט קיין תפילה געטאן.

---

[4] פאסט זיך דא אפשר אריין דער שארפער זאג פון ר׳ מענדעלע קאצקער צו זיינעם א חסיד, וואס האט אים דערציילט, אז ער האט שוין אויסגעלערנט גאנץ ש״ס. און וואס האט דער ש״ס דיך אויסגעלערנט, איז געווען דער רעפליק פון קאצקער.

[5] ספר חסידים, א. פריימאנן (1924), ז.א.

איז צוליב דעם געווארן א רעש אין הימל. האט מען דעם חכם מודיע געווען, אז ער זאל הייסן דעם פאסטעך תפילה טאן אזוי ווי פריער [6]. אט די תפילה מיט איר פשטות און תמימות האט דווקא אין הימל אויסגענומען.

לאמיר דא פארנאטירן, אז דער מאטיוו איז ווייט פארשפרייט און קומט אויך פאר סיי אין דער קריסטלעכער און סיי אין דער איסלאמישער לעגענדע. יצחק בער [7] אין זיין אויסגעצייכנטער ארבעט וועגן דעם ספר חסידים ציטירט אן אינטערעסאנטן וואריאנט פון אונדזער מעשה פונעם לאטיינישן Antonianum. אויך יערג וויקראם [8] דערציילט אן ענלעכע מעשה מיט א תמימותדיקן פויער, וואס האט נישט געקענט ריכטיק דאווענען. דער גלח וויל אים אויסלערנען די אמתע תפילה, אבער צום סוף איבערצייגט ער זיך, אז דער פויער מיט זיין פראסטער תפילה איז א סך פרומער פון אים. בערנארד העללער [9] דערמאנט ביי דער געלעגנהייט א מעשה מיט א פרומען ערעמיט, וואס האט געלעבט אפגעשיידט אויף אן אינדזעל און האט נאר געדענקט דריי ווערטער: גאט, דערבארעם דיך איבער דיר! (Miserere tui Deus), וואס ער האט תמיד געזאגט אלס א תפילה. א בישאף, וואס האט זיך אמאל פארוואלגערט אויף דער אינדזעל, פרוווט אים אויסצולערנען די ריכטיקע תפילה: גאט, דערבארעם דיך איבער מיר! (Miserere mei Deus). צום סוף אבער האט דער בישאף מסכים געווען, אז ער זאל ווייטער זאגן זיין געוווינטע תפילה, ווייל ער האט איינגעזען זיין גרויסע צידקות. אין דער איסלאמישער לעגענדע פייפט סידי־בו־סאממארא א ניגון אלס שבח צום בורא־עולם [10]. קומט דא טאקע אויפן זינען די מעשה אין דער חסידישער טראדיציע פון יענעם דארפס־יינגל וואס איז געווען אזוי פארגרעבט, אז ער האט יום־כיפור נישט געקענט דאווענען. צו נעילה האט ער ארויסגענומען א פייפל פון טאש און אין געפאקטן בית־המדרש געגעבן א הילכיקן פייף, וואס האט געמאכט א טיפן רושם אויפן בעש״ט און די מתפללים. מוצאי־יום־טוב האט דער בעש״ט געזאגט, אז דער פייף פונעם יינגל האט אויפגעעפנט די הימלען פאר די תפילות [11].

באטאנט טאקע דער ספר חסידים כסדר דעם פרימאט פון דער עטיק, די גוטע מידות, די ריינע תפילה און די ליבשאפט צו גאט. חסידות מיינט זיך נוהג זיין לפנים משורת הדין. איז טאקע איינער פון די הויפט־עיקרים פון חסידות עניוות. אן אמתער חסיד איז נאר דער, וואס איז א מעביר על מדותיו (ס״ח, סי׳ תתתתשע״ט). לערנט אונדז דער ספר חסידים לעבן א טיפער גאט־דער־קענטעניש אויך מאראלישע שלמות פון מענטש, אמתע פרומקייט, זעלטן,

---

[6] ספר חסידים, סי׳ ה, און ו.

[7] יצחק בער, ״המגמה הדתית־החברתית של ספר חסידים״ אין ״ציון״, ג׳, תרצ״ח, ז. 9.

[8] Jörg Wickram, Rollwagenbüchlein, (ed. Karl Müller) 1881, No. 13.

[9] B. Heller, "Gott wünscht das Herz," in HUCA, 1927, p. 369 f.

[10] P. Saintyves, Essais de folklore biblique, Paris 1922, p. 354 f.

[11] קהל חסידים החדש, מעשה י״ח.

כמעט אסקעטישע אפגעהיטנקייט און טראגן דעם עול פון מלכות שמים אין טאג־טעגלעכן לעבן. גאר א וויכטיקן ארט פארנעמט אויך די געזעלשאפטלעכע עטיק, בעיקר די דינים פון בין אדם לחבירו, די באציונג פון מענטש צו מענטש, פון ייד צו קריסט, וואס איז דאך געווען אזוי וויכטיק דווקא אין יענע פינצטערע, מיטלעלטערלעכע צייטן. עס איז א ספר מיט א סך מידת הרחמים און טיפער הומאניטעט. מיט זיינע פארטיפטע, געלייטערטע לערעס האט דער ספר חסידים געפרווט צו דערהייבן סיי דעם יחיד און סיי דעם כלל, אין אים אריינפלאנצן א געפיל פון פערזענלעכער אחריות און אים באגלייך צוגרייטן צו א גייסטיקן ווידערשטאנד לגבי די פיינדלעכע כוחות פון דרויסן און אויב נייטיק, טאקע צו זיין גרייט צו גיין אויף קידוש השם.

די חסידים־באוועגונג אין דייטשלאנד פונעם 12־טן און 13־טן יארהונדערט האט געטראגן א בולטן כאראקטער פון א מיסטיש־אסקעטישער באוועגונג, מיט א שטרענגן, אפט פינצטערן וועלט־באנעם, מיט גלייבענישן און פאלקס־פארשטעלונגען, וואס זענען געווען אזוי כאראקטעריסטיש פאר דעם מיטלעלטערלעכן מענטש. עס איז געווען א וועלט פון כישוף און זאבאבאנעס, פון א גלויבן אין שדים און רוחות און אין מתים, וואס קומען נישט צו קיין רו אויף יענער וועלט. עס איז געווען א וועלט־באנעם פול מיט אימה און יסורים, פון עונש און תשובה, פון תעניתים און גלות־אפריכטן. דער דירעקטער גורם דערצו זענען בלי ספק געווען די שווערע און ביטערע צייטן פון מאסן־הריגות און שמד־גזירות, וואס האבן זיך מיט די קרייצצוגן אנגערוקט ווי א שווערע כמארע אויפן יידישן הימל. עס איז פארשטענדלעך, אז אין גאנצן פריי פון דרויסנדיקע השפעות האט די חסידים־באוועגונג נישט געקענט זיין. איז דאך דאס יידישע לעבן, אפילו אין די ביטערסטע צייטן, נישט געווען לחלוטין אפגעשלאסן פון דער ארומיקער, נישט־יידישער וועלט. באטאנט טאקע שלום[12] מיט רעכט די ראלע פון אלטע מסורות מיט זייער רייך מיסטישן כאראקטער און די וואקסנדיקע השפעה פון דער נעא־פלאטאנישער פילאסאפיע, וואס האבן געהאט אויף דער חסידים־באוועגונג אין דייטשלאנד. דער דאזיקער שטראם האט אויך, לויט שלום'ן, מיטגעשלעפט פון דער פרעמד "אן אומדעפינירבארן געמיש פון אקולטע מסורות... א מאדנע קאמבינאציע פון העלעניסטישן אקולטיזם, אלטע כישוף־פארשטעלונגען ביי יידן און פארצייטישע דייטשע גלייבונגען אין שדים, רוחות און מכשפות". ווייסן מיר אויך פון די נייעסטע פארשונגען, אז די דייטשע חסידים זענען אויך געווען שטארק באווירקט פון דער פיעטיסטישער באוועגונג, וואס האט זיך גראד אין יענע יארן געהאט שטארק פארשפרייט איבער דער קריסטלעכער וועלט אין דייטשלאנד. אזוי למשל ווייזט בער אן[13], אז אין ספר חסידים איז שטארק קענטיק די השפעה פון רעליגיעז־געזעלשאפטלעכע אידעען פון דער קריסטלעכער וועלט פון

---

[12] ג. שלום, G. Scholem, Major Trends in Jewish Mysticism (1941), p. 86.

[13] יצחק בער, צ.ו. ז' 5.

יענער צייט. די היסטארישע ראלע פון ר׳ יודא חסיד איז אין א סך פאלן ענלעך צו דער ראלע פון זיין בן־דור, דער היילי̈קער פראנציסקוס פון אסיסי. אפילו דער העברעישער סטיל איז אין א געוויסער מאס באווירקט פון לאטיין און פון דער דייטשער פאלקס־שפראך.

פונקט אזוי ווי דער קריסטלעכער מאנאך פונעם 13־טן יארהונדערט, איז אויך דער חסיד דער מוסר־זאגער, דער מוכיח פון זיין דור. די מעשות און משלים פון ספר חסידים, ווי אין דער קריסטלעכער מוסר־ליטעראטור פון יענער צייט, ווערן נישט סתם דערציילט לתפארת המליצה, נאר זיי האבן א רעליגיעז־דידאקטישע אויפגאבע. עס איז תמיד א מעשה מיט א שטארק־באטאנטן מוסר־השכל, וואס דער ייד זאל אפלערנען דערפון מידות טובות, צו זיין אפגעהיטן און גיין אויפן דרך הישר. זענען די מעשות נישט נאר א מעדיום פאר דערהויבענע, מאראליש־רעליגיעזע אמתן, נאר אין זיי מאלט דער מחבר באגלייך מיט שווארצע פארבן א וועלט פון עונש און יסורים פאר דעם זינדיקן מענטש, וואס נייגט אפ פונעם דרך הישר. זענען דאס נישט נאר עבירות פון בין אדם למקום, נאר טאקע אויך עבירות פון מענטש צו מענטש, וואס דער זינדיקער מענטש ווערט הארב באשטראפט פאר זיי.

די מחברים פונעם ספר חסידים זענען געשטאנען נאענט צום לעבן, האבן געקענט די מענטשלעכע שוואכקייטן און דערפאר געפרווט צו פארהיטן מיט אלע כוחות שלעכטע מעשים, און בפרט סאציאלע עוולות און אויך אזא אופן צו דערהייבן דעם ייד צו א מדרגה פון גייסטיקער שלמות. שפיגלט טאקע דער ספר חסידים אפ די רעאלע לעבנס־באדינגונגען, דעם גאנצן עקאנאמיש־סאציאלן מצב פון די יידן אין יענער תקופה אין דייטשלאנד. אויך די דייטשע מאנאכן, פירט בער אויס [14], האבן אין זייערע דרשות נישט מחדש געווען קיין נייע תורות. וואס זיי זענען אבער אויסן געווען, איז געווען צו דערנענטערן די קריסטלעכע אמונה צו די הערצער פון פאלק. ״זיי האבן געפרעדיקט זייער מאראל און די קריסטלעכע אמונה אין א נייעם נוסח. זייער דרשה איז געווען א פאלקסטימלעכע, איז געשטאנען נאענט צו דער ווירקלעכקייט און האט געשענקט איר אויפמערקזאמקייט די געזעלשאפטלעך־עקאנאמישע פראבלעמען פון די שטאט־איינוווינער״.

אויך די חסידים פון יענער תקופה זענען נישט געקומען מבטל זיין אפילו א קוצו של יוד פון דער תלמוד־און רבנישער יידישקייט פון מיטלעלטער. זיי האבן זיך אבער יא אנטקעגן געשטעלט דעם גוזמאדיקן פלפול, דער שארפער איבערגעשפיצטקייט אין לערנען, ווי למשל ביי די בעלי־תוספות, וואס איז געווען אפט אבסטראקטע, ריינע מוח־ארבעט און האט דאס הארץ נישט דער־ווארעמט. אבער זאל מען פארט נישט האבן קיין טעות, באטאנט בער מיט רעכט, דער מיטלעלטערלעכער חסיד איז בלי שום ספק געווען א ייד פון רבנישן שניט, א למדן און א בקי אין אלע ווינקלען פון דער תורה. דערצו איז

---

[14] בער, צ.וו., ז. 7.

ער אבער אויך געווען א הארץ־מענטש, מיט א סך געמיט און עמאציאנאליזם, וואס זוכט פאר זיך אויסצוהאקן נייע וועגן אין זיין יידישקייט. ער איז דאס געווארן דער טרעגער פון דער נאציאנאל־פאלקסטימלעכער מיסטישער באוועגונג לויט דער אייגנארטיקער אינטערפרעטאציע פון ר׳ יודא חסיד און זיינע חברים [15].

דער ספר חסידים אין זיין איצטיקער געשטאלט איז נישט קיין ווערק פון אן איינציקן מחבר נאר גיכער דער פראדוקט פון טראכטן און זוכן נייע וועגן מצד דורות פון חסידים־מקובלים. וויפיל אלטע טראדיציעס פון פריערדיקע דורות האבן זיך למשל דערהאלטן אינעם ספר חסידים גופא, ווייסן מיר היינט שוין נישט אקוראט. א סך קבלה־סודות, הערן מיר למשל, האט ר׳ קלונימוס, ר׳ שמואלס פאטער, וואס האט אפגעשטאמט פון רבי אבון דעם גרויסן, פון די גרויסע לומדים אין צרפת און איטאליע, איבערגעגעבן ר׳ אליעזר בן ר׳ משולם חזן, כדי ער זאל זיי איבערגעבן זיין זון ר׳ שמואל ווען ער וועט אויפוואקסן און ראוי זיין עוסק צו זיין אין קבלה. עס איז אבער קיין שום ספק נישט, אז בנוגע דעם ספר חסידים, זענען די פאקטישע מחברים געווען ר׳ שמואל און ר׳ יודא חסיד, און זיין תלמיד־מובהק ר׳ אלעזר בן יהודה פון ווארמס, דער בעל ״רוקח״, וואס האבן אויף דעם דאזיקן ווונדערלעכן מוסר־ספר ארויפגעלייגט דעם חותם פון זייער מאראלישער פערזענלעכקייט. בעיקר זענען דאס ר׳ שמואל און ר׳ יודא חסיד, די צוויי הויפט־פערסאנאזשן, וואס שטיין אינעם סאמע צענטער פון אונדזערע שבחים־מעשות, מיט דעם הערלעכן קראנץ פון לעגענדעס, וואס דאס פאלק האט ארום זיי געוועבט אין משך פון לאנגע דורות.

---

[15] בער, צ.וו. ז.8.

## קאפיטל 3

# די פערסאנאזשן

### א. ר׳ שמואל חסיד

געשטאמט האט ר׳ שמואל חסיד פון אן אלטער, מיוחסתדיקער משפחה פון גדולים אין תורה און מקובלים, וואס ציט איר לאנגן שלשלת־היוחסין ביז צו ר׳ אבון הגדול פון דער גזע פון ר׳ יוסף הזקן, דער זון פון ר׳ שמעון פון לאמאנש אין פראנקרייך. די משפחה האט זיך, זעט אויס, באזעצט אינעם 10־טן יארהונדערט אין דייטשלאנד, קומענדיק פון פראנקרייך און שטאמענדיק פון לוקא אין אייבער־איטאליע. זי האט אויף אזא אופן אריבערגעפלאנצט פון דרום קיין צפון די לערע פון קבלה, וואס איז מיט ר׳ שמואלן נתגלה געווארן אין דייטשלאנד. זיין פאטער ר׳ קלונימוס הזקן, ווי די מיטצייטלער האבן אים גערופן מיט אפשיי, איז אליין געווען א גרויסער מקובל און פון אים, ווי מיר האבן שוין דערמאנט, זענען די סודות פון דער קבלה איבערגעענטפערט געווארן צו זיין זון ר׳ שמואל.

פון אנהייב האט זיך די משפחה געהאט באזעצט אין מיינץ, אבער אין דער צייט פון דעם ערשטן קרייצצוג (1096), ווען די קהילה פון מיינץ איז אזוי מוראדיק פארשניטן געווארן, איז די משפחה פון ר׳ קלונימוס אריבער קיין שפייער, ווו ר׳ קלונימוס איז געווען א צייט לאנג דער פרנס פון דער קהילה. דארט איז אויך בערך אינעם יאר 1115 ר׳ שמאול געבוירן געווארן. ר׳ קלונימוס איז נפטר געווארן אין 1126, בשעת ר׳ שמואל איז נאך געווען זייער יונג און זיך דערצויגן ביי ר׳ אליעזר בן ר׳ משולם חזן, ווען ר׳ קלונימוס האט איבערגעלאזט געהיימע קבלה־כתבים און תיקונים צו תפילות, וואס ער זאל איבערגעבן ר׳ שמואלן ווען ער וועט אויסוואקסן.

געלערנט האט ר׳ שמואל אין שפייער, וואס האט געשמט מיט זיין ישיבה און פון וואנען עס זענען ארויסגעקומען א ריי גדולים פון אשכנז. צוערשט האט ר׳ שמואל געלערנט ביי זיין פאטער און דערנאך ביי אנדערע גרויסע רבים און גיך איז ער אויסגעוואקסן א כלי־מפואר, גרויס סיי אין נגלה און סיי אין נסתר. ער האט געשמט מיט זיין גרויסער לומדות און תלמידים פון ווייטע מקומות זענען געקומען צו אים לערנען. ער האט זיך אויך קונה שם געווען אלס א גרויסער בעל־מדרגה און מקובל. הגם א גרויסער למדן, האט ר׳ שמואל פונדעסטוועגן נישט נוטה געווען צום ריינעם פארמאליזם פונעם דין, נאר מיטן כוח פון זיין פלאמעדיקער פאנטאזיע און א טיפער תשוקה אין זיין הארץ, האט ער זיך געלאזט פליען אין די הויכקייטן פון דעם מיסטישן אין־סוף. זיינע בני־

דור האבן אים זייער פארערט, אים גערופן ״חסיד און נביא״ און האבן וועגן אים געזאגט, אז ער האט עלית־נשמה. באזונדערס געשמט האט ר׳ שמואל מיט זיין אויסערגעוויינטלעכער צידקות. ער איז געווען א גרויסער בעל־מידות, גאטספארכטיק און שלמותדיק, אן אמתדיקער חסיד, גוט און עניוותדיק, תמיד נאר געווען פארנומען מיטן תיקון פון זיין נשמה און כסדר געשטרעבט צו דערהייבן זיך און דעם יידישן מענטש צו דער מדרגה פון גרויסער רעליגיעזער שלמות.

גאר ווייניק ווייסן מיר פון זיין לעבן. שוין זייער פרי האט די פאלקס־מסורה ארום אים געשאפן אן ארעאל פון הייליקייט און ניסימדיקייט, פון וואס מען זעט שוין דעם רעאלן מענטש כמעט נישט ארויס. האט דאך די לעגענדע בעצם נאר צו טאָן מיט איבערמענטשלעכע, אידעאלע און נישט קיין רעאלע, פלייש־און־בלוט געשטאלטן. עס איז דאך תמיד דאס יחיד־במינודיקע, דאס אויסערגעוויינטלעכע, וואס צעצינדט און צעפלאמט די שאפערישע פאלקס־פאנטאזיע. ארום דעם וועבט זי איר געדיכטע נעץ פון ניסימדיקייט און אידעאלישקייט. דעריבער טאקע איז איר תמיד געגנטער דער בעל־סוד, דער קדוש און בעל־מופת, ווי דער רעאלער בשר־ודם. זעט מען טאקע דערפאר דעם לעבעדיקן, זיך ראנגלנדיקן, תמיד אומרויקן ר׳ שמואל קוים ארויס פון אונטער דער נעץ פון די אזוי פיין־געוועבטע תמימותדיקע, פאלקס־גלייביקע מעשהלעך. נאר אדאנק די צעווארפענע ברעקלעך ידיעות, וואס האבן זיך וועגן אים דער־האלטן אין פארשיידענע ספרים און אין אומצאָליקע מעשות, זענען מיר ביכולת צונויפצושטעלן עטלעכע קאנקרעטע פאקטן פון זיין פערזענלעכן לעבן.

קודם כל עטלעכע פריוואטע ידיעות. ר׳ שמואל האט גענומען פאר א ווייב די שוועסטער פון ר׳ אליעזר חזן און מיט איר געהאט צוויי זין[1], דער עלטערער ר׳ אברהם איז געווען א גרויסער למדן און ראש ישיבה אין שפייער. דער יינגערער ר׳ יודא האט נאך זיין פאטער ממשיך געווען די גילדענע קייט פון קבלה און חסידות אין דייטשלאנד. מיר הערן אויך, אז ר׳ שמואל האט געוואנדערט, ווי עס איז דעמאלט געווען דער מנהג, פון איין ישיבה צו דער אנדער, כדי צו לערנען ביי די גדולי־הדור. זוכנדיק תמיד מתקן זיין די פגימות פון זיין נשמה, האט ר׳ שמואל אויף זיך גענומען א תשובה פון אפריכטן גלות. דערציילט אונדז איינע פון די מעשות, אז ער האט זיך ארומגעוואלגערט איבער שטעט און יישובים גאנצע זיבן יאר, אנדערע זאגן אפילו ניין יאר, און געליטן גרויס נויט און דחקות. זיין עניוות איז געווען אזוי גרויס, אז ער האט אין ערגיץ נישט געוואלט נהנה זיין פון כבוד פון זיין תורה און דערפאר זיך נישט געגעבן קיינעמען צו דערקענען. דערציילט אונדז טאקע די מעשה קנ״ח, אז ער איז אמאל אויף זיין וואנדערשאפט אנגעקומען קיין ראמערו אין צפון־פראנקרייך, ווו עס האט געוווינט דער באקאנטער גדול־הדור ר׳ יעקב בן

[1] לויט א מסורה, וואס האט זיך דערהאלטן אין מעשה בוך (נר. קס״א) האט ר׳ שמואל געהאט נאך א זון מיטן נאמען ר׳ אליעזר.

מאיר תם (אן איניקל פון רש"י), וואס האט שוין לאנג געגלוסט אים צו זען. אבער צוליב עניוות האט ר' שמואל נישט אויסגעזאגט ווער ער איז. האט מען אים טאקע אין הויז פון רבנו תם געהאלטן פאר איינעם פון די אורחי־פרחי, וואס האבן זיך געשלעפט צופוס אפגעריסן און אפגעשליסן פון איין מקום צום אנדערן. אויף דער פראגע פון רבנו תם ווי ער הייסט, האט ער צניעותדיק געענטפערט שמואל פארמעט־מאכער, א רמז אויף דער תורה, וואס איז געשריבן אויף פארמעט. עס ווייזט אויס, אז אויף זיין לאנגער וואנדערשאפט האט ער אנגעשפארט אזש ביז קיין נארבאן אין דער פראוואנס און ג. שלום מיינט [2], אז זייענדיק אונטערוועגס איז אפשר גאר ר' שמואל געקומען אין א קאנטאקט מיט יידישע סעקטאנטן און זיך באקענט מיט זייערע מיסטישע כתבים.

זייענדיק אמאל אונטערוועגס, דערציילט אונדז אן אנדערע לעגענדע, האט זיך ר' שמואל מיט דריי באגלייטער, וואס זענען אגב געווען גרויסע רשעים, פארבלאנדזשעט אין א טיפן וואלד, נישט ארויס און נישט אריין. אז עס איז געווארן פינצטער האט ער פלוצים דערזען א קליין הייזל, וווהין ער איז אריין און איבערגענעכטיקט. דארט האט ער געטראפן דעם נביא ירמיה, וואס זיצט כסדר אין דער געדיכטעניש פון וואלד און באוויינט דעם חורבן ירושלים.

ר' שמואל האט געלעבט אין גרויס דחקות און נויט. עס ווייזט אויס, אז געוויסע קהילות האבן אים אונטערשטיצט, אז ער מיט זיין פאמיליע זאלן ממש נישט אויסגיין פאר נויט. ווי וווייט זיין ארעמקייט איז דערגאנגען, הערן מיר פון אן אנדער כאראקטעריסטישער מעשה (קס"ה). אמאל האט מען ר' שמואל פון הימל מגלה געווען וועגן א ביטערער גזירה אויף יידן. ר' שמואל מיט זיין ווייב, דער צדיקת, האבן געפאסט דריי טעג נאכאנאנד און שטארק תפילה געטאן, ביז די גזירה איז בטל געווארן. זיי האבן דאס געטאן בסתר און נישט געוואלט, אז עמיצער זאל זיך וועגן דעם עפעס דערוויסן. נאכן תענית האט ר' שמואל געקוילעט א האן און אים געגעבן זיין ווייב אפצוקאכן. מאכט זיך גראד, אז בשעת מעשה איז איינער פון זיינע תלמידים גראד אריינגעקומען און דער־זעענדיק וואס עס טוט זיך אין שטוב, האט ער זיך נישט געקענט איינהאלטן און געפרעגט, וואס דאס האט צו באטייטן, אז ר' שמואל עסט היבער אין א פראסטן מיטן וואך. איז דאך דאס נישט געווען זיין סדר, ווי דער סיפור־המעשה איז מוסיף, מחמת דער גרויסער ארעמקייט אין וועלכער ער האט כל ימיו געלעבט. אזוי ארום איז אויך דער סוד פון דער גזירה ארויסגעקומען.

אלס גדול הדור און מנהיג פון יידן האט ר' שמואל, ווייזט אויס, אויך געהאט צו טאן מיט שררות און מיט דער גייסטלעכקייט און איז געווען ביי אלעמען זייער געאכפערט. מיר הערן אויך מכוח פארשיידענע מופתים, וואס ר' שמואל האט באוויזן, ווי ער האט געקעמפט פארן כבוד פון יידן און זיי באשיצט פון די הענט פון זייערע שונאים. ר' שמואל איז געווען דער מחבר

---

[2] ג. שלום, צ.וו. ז. 115.

פון פארשיידענע קבלה־ספרים און פירושים אויף דער מכילתא, סיפרא, תלמוד און מדרשים. זיין גייסטיקע גרויסקייט קומט אבער בעיקר צום אויס־דרוק אין דעם ספר חסידים, וואס האט אוועקגעשטעלט דעם יסוד פאר דער חסידים־באוועגונג פונעם 13־טן יארהונדערט אין אשכנז. ר׳ שמואל חסיד איז נפטר געווארן אין שפייער אין יאר 1180.

## ב. ר׳ יודא חסיד

שוין דער נאמען חסיד איז כאראקטעריסטיש ביז גאר פאר אט די גייסטיקע מנהיגים פון יענע דורות. ער איז דער סימן־מובהק פאר זייער רעליגיעז־עטישער התנהגות, פאר דער לויטערקייט און הייליקייט פון זייער פערזענלעכ־קייט און זייער אומבאגרענעצטע, כלות־הנפשדיקע ליבשאפט צו דעם מענטש און זיין באשעפער. אין דער פאלקס־פאנטאזיע איז ר׳ יודא שוין געווען אויס־דערוויילט און געהייליקט אין זיין מוטערס טראכט, — א מאטיוו פון דער אויסדערוויילטקייט פון העלד, וואס איז זייער גוט באקאנט אינעם פאלקלאר. דערציילט טאקע אן אלטע לעגענדע דעם נס, וואס איז געשען זיין מוטער אין ווארמס, בשעת זי איז געווען מעוברת מיט אים. האט זיך מיט איר געטראפן, אז בשעת זי איז אמאל אדורכגעגאנגען דאס ענגע יידן־געסל לעבן דער ווייבער־שול אין ווארמס, איז גראד אנגעפארן א בעל־עגלה, א גוי, א רשע, מיט זיין פערד און וואגן און זי געוואלט איבערפארן. איז געשען א נס, אז די מויער פון דער ווייבער־שול האט זיך איינגעבויגן, אזוי אז די מעוברתדיקע פרוי האט דארט געקענט אריין און איז אזוי ארום ניצול געווארן פון טויט. פירט טאקע די פרומע מעשה אויס, אז "דערפון קען מען אפלערנען וואס פאר א צדיק רבי יודא חסיד איז געווען, אז עס איז אים געשען אזא נס נאך איידער ער איז געבוירן געווארן[3]". ר׳ יודא איז געבוירן געווארן אין שפייער בערך אין 1150, אדער ווי א. אפטאוויצער איז גורס, איז דאס געווען קרוב צו תת״ק (1140)[4].

א ילוד־אשה וואס איז שוין הייליק מבטן ולידה, איז נאטירלעך אויך עתיד צו זיין, לויט דער פאלקס־פארשטעלונג, א גרויסער צדיק און א בעל־מופת, וואס האט דעם כוח משנה צו זיין די סדרי בראשית. אומזיסט וועלן מיר זוכן אין אונדזער מעשות־ציקל א וועלכן עס איז שטריך פון דער רעאלער, ממשות־דיקער פערזאן פון ר׳ יודאן, פון זיין לעבן און זיינע לערעס. פאר דער פאלקס־מעשה איז דאס בעצם נישט אינטערעסאנט. פאר איר איז וויכטיק דאס פלאדיקע און אויסטערלישע, דאס וואס מען קען גארנישט באנעמען מיט די אייגענע חושים. באקרוינט טאקע די פאלקס־מעשה איר העלד מיט א קראנץ פון מופתים און וונדער־מעשים, וואס זענען נישט פון דער וועלט. אלצדינג קומט דארט פאר

---

3 פגל. ספר מעשה נסים, (אמסטערדאם, 1696) נר. 8. אן ענלעכע מסורה ברענגט אויך דער "שלשלת הקבלה".

4 אביגדור אפטוביצר, מבוא לספר ראבי״ה (תרצ״ח), ז׳ 344.

מחוץ לדרך הטבע. כדי צו אונטערשטרייכן די גרויסקייט פון ר׳ יודאן און זיין באזונדערן דרך אין דער קבלה, האט די פאלקס־לעגענדע פון אים געמאכט א מין בעל־שם, א גרויסן בעל־מופת, וואס האט כסדר צו טאן מיט הייליקע שמות, מיט השבעות און קמיעות, וועמען די מלאכה פון דער שווארצער קונסט און כל המיני כישוף איז כלל נישט פרעמד. צו דער אמתער רעליגיעז־עטישער הויך פון זיין פערזענלעכקייט האט זיך די מעשה פארט נישט געקענט דערהייבן.

שוין די מעשה פון ר׳ יודאס התגלות איז כאראקטעריסטיש ביז גאר. בעצם איז דאס אן אלט־באקאנטער און טאקע זייער פארשפרייטער מאטיוו ווי אזוי א וויסטער עם־הארץ, א מוראדיקער פראסטאק ווערט מיט אמאל נתגלה. אזוי איז דאס געווען מיטן רמב״ם, מיטן בעל־שם־טוב און א סך אנדערע העלדן פון דער יידישער און קריסטלעכער לעגענדע. דערציילט אונדז טאקע די מעשה נר. קס״ו, אז ביז צו אכצען יאר האט ר׳ יודא נישט געקענט לערנען, געווען א בור, א ליידיק־גייער, א שטיק ווילדער חברה־מאן, וואס איז כסדר ארום־געלאפן מיטן פייל און בויגן און געשאסן. ערשט מיטן כוח פון דעם שם־המפורש האט זיין פאטער געבראכן זיין ווילדקייט און פאר אים געעפנט די טויערן פון ליכט און פון דער תורה. איז די לעגענדע נאך מוסיף, אז צום סוף האט ר׳ יודא צעבראכן זיין פייל און בויגן און אים געבראכט צו זיין פאטער, וואס האט צו אים געזאגט: ביז איצט איז דיין אומנות געווען צו שיסן, פון היינט אן וועט דיין מלאכה זיין צו לערנען תורה. עס האט על כן געזיגט דער כוח פון דער תורה איבער דער עלעמענטארער, פיזישער גבורה. פון דעמאלט אן האט זיך ר׳ יודא גענומען צום לערנען מיט גרויס התמדה און איז גאר אין גיכן אויסגעוואקסן א גדול בתורה.

אגב אורחא שטעלט די דאזיקע כאראקטעריסטישע מעשה ר׳ יודאן אין א בולטן קאנטראסט צו זיין ברודער ר׳ אברהם, דעם ווויללערנער און שפעטער־דיקן ראש־ישיבה און פוסק, וואס ווערט אין די מקורים אנגערופן מיטן טיטל ״מורנו ורבנו אש״ל״. בשעת ר׳ אברהם און די איבעריקע בחורים אין ר׳ שמואלס ישיבה האבן געלערנט תורה מיט גרויס התמדה, איז ר׳ יודא ארום־געלאפן פוסט און פאסט, און למראית עין גארנישט געטאן. פונדעסטוועגן איז ער אויסגעוואקסן צו זיין דער גרויסער בעל־מקובל און קדוש, וואס האט ארויפ־געלייגט זיין חותם אויף די קומענדיקע דורות, בעת וועגן דעם למדן און בארימטן פוסק ר׳ אברהם שווייגט די לעגענדע אין גאנצן.

ווי עס ווייזט זיך ארויס, האט ר׳ יודא יונגערהייט געלערנט אין דער ישיבה פון זיין פאטער, וואס איז אויך געווען זיין רבי אין קבלה און סתרי־תורה. אין יאר 1195 איז ר׳ יודא אוועק פון שפייער קיין רעגענסבורג אויפן דונאי, ווו עס האט זיך יידן בדרך כלל נישט שלעכט געלעבט. לעבן שפייער האט דעמאלט די קהילה פון רעגענסבורג פארנומען גאר א וויכטיקן פלאץ אינעם לעבן פון די יידן אין דייטשלאנד. אירע חכמים און ישיבות האבן

געשמט ווייט און ברייט און דער דערמאנטער ר׳ יעקב תם פון ראמערו אין צפון־פראנקרייך זאגט וועגן איר ״ומסורת בידינו מאבותינו, גדוליה גדולי הקודש״ [5] (און מיר האבן עס פון אונדזערע עלטערן בקבלה, אז די רעגענס־בורגער גדולים זענען גרויסע קדושים). ר׳ יודא האט אין רעגעסבורג געשאפן א ישיבה, וואס האט זיך גיך קונה שם געווען מיט איר לערנען און אהינצו זענען געקומען תלמידים פון ווייטע שטעט און מדינות. ר׳ יודא האט מעמיד געווען א דור פון גרויסע רבנים און מנהיגים, וואס האבן מיט זייער תורה און חכמה באשיינט דאס לעבן פון פאלק איבער די תפוצות ישראל. צווישן זיינע תלמידים געפינען מיר אזעלכע גדולים ווי ר׳ אלעזר בן ר׳ יהודה ״רוקח״ און ר׳ יצחק בן משה פון ווין, דער ״אור זרוע״, וואס רעדט מיט גרויס אפשיי וועגן זיין רבין, ווען ער רופט אן ״החסיד הגדול מורי הרב רבינו יהודה החסיד״ [6]. אפטאוויצער [7] וויל אפילו אויך אפלערנען, אז דער בארימטער ר׳ אליעזר בר׳ יואל הלוי (דער ראבי״ה) האט אמאל געלערנט ביי ר׳ יודאן אין רעגענסבורג.

פונקט אזוי ווי זיין פאטער ר׳ שמואל, האט אויך ר׳ יודא געשמט פאר א גרויסן מקובל און א זעלטענעם בעל־מידות. ער איז געווען פאר אלעמען א מוסטער פון עניוות און צניעות, פון ריינקייט פון הארץ און לויטערקייט פון כאראקטער. האבן זיך זיינע בני־דור אין אים טאקע געשפיגלט און גערעדט וועגן אים מיט גרויס דרך־ארץ און יראת־הכבוד. מיט די גרעסטע רבנים פון זיין דור איז ער געשטאנען אין א נאענטן שריפטלעכן פארקער פון שאלות ותשובות. זיי האבן אים אנגערופן ״דער גרויסער חסיד״, ״דער פאטער פון דער חכמה״, ״דאס ליכט פון ישראל״ אאז״וו. איז טאקע ר׳ יודאס השפעה אויף זיין דור און אויף די שפעטערדיקע דורות געווען גאר א שטארקע. די חסידים־באווע־גונג האט געהאלפן, ווי ג. שלום באטאנט, דערציען די ברייטע פאלקסמאסן אין א גייסט פון א דערהויבענער מיסטיש־רעליגיעזער מאראל. דורך זיינע תלמידים, בעיקר ר׳ אלעזר ״רוקח״, איז די חסידות פון אשכנז ארייגעדרונגען אין דער רבנישער ליטעראטור פון דייטשלאנד און צרפת און געהאלפן זי מיט איר גייסט אויסצופורעמען.

עס איז בכן גארנישט קיין וואונדער, וואס די פערזאן פון ר׳ יודאן איז געווען שטארק פארהייליקט נאך ביי זיין לעבן און א רבותא שוין נאך זיין טויט. דאס פאלק האט ארום אים געוועבט א קראנץ פון וואונדערלעכע לעגענדעס, פארהערלעכט זיינע מעשים, וואס זענען תמיד אויסן געווען נאר איין זאך, צו באזייטיקן דאס שלעכטס און ביישטיין זיין פאלק אין אן עת־צרה. עס איז אינטערעסאנט, אז שוין די מקובלים פון 13־טן און 14־טן יארהונדערט

[5] ספר הישר, סי׳ ע״ט. ; פגל. אויך אורבך, צ.וו. ז. 168.

[6] אור זרוע, ח״א, סי׳ קי״ד.

[7] א. אפטוביצר, צ.וו. ז׳ 346.

פארערן ר׳ יודאן אלס א גרויסן בעל־מופת וואס איז בכוח אפילו משנה צו זיין די סדרי בראשית. שוין זיין תלמיד ר׳ יצחק ״אור זרוע״ דערציילט נאך מיט גרויס יראת־הכבוד א ריי ניסים, וואס ר׳ יודא האט באוויזן, — א ראיה, אז שוין זייער פרי, ממש ביים לעבן פון ר׳ יודאן, האבן זיך אנגעהויבן ארום אים צו וועבן די ווונדערלעכסטע מעשות. אין די ״שבחים״, וואס האבן זיך אויפגעהיטן, האבן מיר בלויז פראגמענטן פון זיין פערזענלעכן לעבן, אן אפ־געבלאסטער אפקלאנג פון אמתע פאסירונגען פון דעם ווייטן עבר.

אזוי הערן מיר אין איינער פון די מעשות (נר. קס״ט) ווי אזוי ר׳ יודא האט געהאלטן ביים אויסגעבן זיין טאכטער פאר איינעם א ר׳ חנינה [8]. ווייזט אויס, אז די טאכטער איז געווען זיין איינציקע פרנסה־געבערין, ווי דאס איז געווען דער שטייגער אין די אמאליקע דורות, אז די פרוי האט פון דעם מאן אראפגענומען דעם עול־פרנסה, כדי ער זאל קענען אומגעשטערט זיצן און עוסק זיין אין לערנען. מסתמא האט שוין דעמאלט ר׳ יודאס ווייב מער ניש געלעבט. וועגן אזעלכע פרטים שווייגט אבער די לעגענדע, ווייל זי קומט דאך נישט אונדז דערציילן דאס אינטימע, פריוואטע לעבן פון איר העלד, נאר דווקא דאס אלגעמיינע און אויסטערלישע. פריוואטע שטריכן לאזט אונדז די לעגענדע הערן נאר אגב אורחא, ווי דאס איז זי נישט אויסן. הערן מיר טאקע אין דער מעשה, אז די טאכטער האט זיך פארנומען מיט געלט אויסלייען אויף משכנות, וואס א סך יידן האבן זיך פארנומען דערמיט אין יענע צייטן. דערציילט אויך, למשל, דער רבנו תם פון זיין אידעם, אז ״ער האט געליען אויף משכנות״ [9]. און אפילו דער רבנו תם גופא האט געלעבט פון הלוואה־עסקים און פון דער ווייך־פראדוקציע, — צוויי בכבודיקע פרנסה־מקורים פון יידן אין אמאליקע דורות [10].

אבער אט די מיני געשעפטן זענען תמיד געווען בחזקת סכנה און דעם יידס לעבן איז געווען כסדר איינגעשטעלט. דעריבער באשליסט טאקע ר׳ יודא חתונה צו מאכן זיין טאכטער און אויף אזא אופן צו ליקווידירן דאס משכנות־געשעפט. דער חתן, ר׳ חנינה, איז א ווילללערנער און גאר א שארפער קאפ. מען מאכט א קנס און מען רעדט אפ דעם זמן פון דער חתונה. בינו לבינו גייט דער חתן אוועק לערנען, ווי דער מנהג איז געווען, אויף אן אנדער ישיבה. אויפן וועג אהיים טרעפן זיך אים א ריי אויסטערלישע ניסים און ער פאר־ברענגט אפילו א שבת אין גן־עדן התחתון צוזאמען מיט די אבות און די אנדערע ליבלינגן פון דער פאלקס־פאנטאזיע. הערן מיר אגב אורחא אין דעם סיפור־המעשה א ריי פרטים פון אלטן לעבנס־שטייגער, פון מנהגים און פארשטעלונגען, פון לערנען אויף דער ישיבה, פון פארהערן דעם חתן, פון משא ומתן און תנאים שרייבן. אין גן־עדן איז מען זיך פונקט אזוי נוהג ווי

[8] וועגן ר׳ יודאס א טאכטער שווייגן אבער די אנדערע מקורים.

[9] לויט די שו״ת מהר״ם ד״פ, סי׳ תשצ״ו.

[10] פגל. אורבך, צ.וו. ז. 57.

אויף דער ערד סיי מיט תפילות און סיי מיט שבתדיקע סעודות. מיר הערן אפילו אין דער מעשה, אז ר׳ יודא גייט ארויס פרימארגנס הינטערן שטאט, כדי צו פארריכטן זיינע באדערפענישן. אין א גלאסע דערקלערט אפילו דער שפעטערדיקער מעשה־שרייבער זיין לייענער־עולם, אז פארצייטנס זענען די בית־הכסאס געווען הינטערן שטאט. האבן מיר דא א שטיק לעבעדיקע, צאפל־דיקע ווירקלעכקייט פונעם אמאליקן יידישן לעבן!

א ריי אנדערע מעשות דערציילן אונדז פון ר׳ יודאס גרויסער חשיבות ביי די שררות, מיט וועמען ער האט געהאט כסדר צו טאן. ביי א סך פון זיי איז ער גאר געווען א "פערסאנא גראטא" און טאקע זייער באליבט. אין אייניקע פון די מעשות הערן מיר פון דער פריינדשאפט צו אים פון דעם ראש־עירן (בירגערמייסטער) פון רעגענסבורג. אזוי זאל ער אויך געוועזן זיין דער בעל־יועץ פון א גרויסן מעכטיקן דוכס, וואס האט זיך מיט אים שואל עצה געווען וועגן אלצדינג. אמאל האט ער אפילו ביי אים געפרעגט אן עצה צי ער זאל מיט־ציען אין מלחמה מיטן קייזער פיליפ. (עס האנדלט זיך משמעות וועגן דעם קייזער פיליפ דעם צווייטן, 1208—1198). ר׳ יודא האט אים נישט געראטן מיטצוגיין און אזוי ארום איז ער ניצול געווארן פון טויט. ווייטער הערן מיר אויך, אז ר׳ יודא איז כסדר געשטאנען אין א קאמף מיטן הגמון פון זאלצבורג, וואס איז געווען א גרויסער צורר היהודים. ר׳ יודאס אנזען איז טאקע געווען גרויס סיי ביי יידן און סיי ביי נישט־יידן, און פון אלע זייטן איז מען געקומען ביי אים פרעגן אן עצה, ווייל מען האט געהאלטן, אז ער איז א געטלעכער מענטש. האט דאך סיי דאס יידישע ווי דאס קריסטלעכע מיטלעלטער געגלייבט אין די געהיימע, איבערנאטירלעכע כוחות פונעם צדיק, דעם בעל־מופת, און מען האט זיך דעריבער באצויגן צו אים מיט גרויס יראת־הכבוד. דאס פאלק האט געגלייבט, אז ער איז א נביא, אז פאר אים איז קיין שום זאך נישט פארהוילן און אז ער ווייסט וואס עס טוט זיך אויבן אין הימל און אונטן אויף דער ערד. די דאזיקע מאטיוון געפינען מיר פונקט אזוי אין דער יידישער ווי אין דער קריסטלעכער מעשה. איז פאראן אפילו א מסורה וואס זאגט, אז אויב ר׳ יודא וואלט געווען געלעבט אין די צייטן פון די נביאים, וואלט ער געווען א נביא, אין די צייטן פון די תנאים — א תנא, אין די צייטן פון די אמוראים — אן אמורא. מיר הערן אויך נאך ווי אליהו הנביא איז א בן־בית ביי ר׳ יודאן און פון משומדים, וואס האבן יידן אנגעטאן א סך צרות, קומען צו אים בעטן א תשובה און ווערן דערנאך גוטע, פרומע יידן.

פארמאגט טאקע אונדזער שבחים־ציקל א שלל מיט פאלקלאר־עלעמענטן, פון גלייבונגען און פארשטעלונגען, וואס זענען א וויכטיקער מקור פאר דער מאדערנער פאלקלאר־פארשונג. די השפעות פון דער ארומיקער סביבה זענען אפט גאר בולט. טרעפן מיר זיך טאקע אן מיט אלטע אגדה־עלעמענטן, וואס האבן זיך שפעטער צונויפגעמישט מיט פארשטעלונגען פונעם דייטשן פאלקס־גלייבן. א ריי מעשות פון ר׳ שמואל און ר׳ יודא חסיד און זייער קרייז, האבן

בלי ספק זייער שורש אין דער וועלט פון די קריסטלעכע הייליקע־לעגענדעס, וואס ווערן אפט אפילו דערציילט לויט דעמזעלביקן נוסח פון דער קריסט־לעכער מעשה־נורא.

אין די אומצאליקע מעשות פון דער שבחים־ליטעראטור אנטפלעקט זיך פאר אונדזערע אויגן דער גייסט פון מיטלעלטער מיט זיינע פאנטאסטישע פאר־שטעלונגען וועגן יענער וועלט, וועגן מתים, וואס קומען אפ אין גהינום פאר זייערע זינד, מיט גלייבונגען אין כישוף און אין א וועלט מיט שדים און מזיקים, וואס זענען נאר אויסן צו שעדיקן דעם מענטש. האט זיך אויך אין אונדזער ציקל אויפגעהיטן אן אויסטערלישע מעשה וועגן א טאכטער פון א גרויסן שר, וואס האט אין די צייטן פון ר׳ יודא חסיד חתונה געהאט מיט א שד. דער גלויבן אין אזעלכע ״געמישטע״ חתונות צווישן מענטשן און שדים, איז א פארשפריי־טער מאטיוו אינעם פאלקלאר און עס וועט אונדז נאך אויסקומען וועגן דעם צו רעדן אין קאפיטל 5.

אזוי שטייט פאר אונדז אויף די פיגור פון ר׳ יודא חסיד, א ליכטיקע, גרויסע געשטאלט פונעם יידישן עבר, וואס האט זיך ברייט צעשטראלט איבער דורות־יידישקייט און געפונען א שטארקן אפהילך אין די פארשיידענע מסורות פון דער שבחים־ליטעראטור. איז יצחק בער [11] גערעכט, ווען ער פירט אויס וועגן ר׳ יודאן, אז ״מיר מוזן אים זען אלס איינעם פון די גרעסטע עטיש־רעליגיעזע גייסטער פונעם מיטלעלטער און פון דער מענטשהייט בכלל. לויט דעם ארט וואס ער פארנעמט אין דער געשיכטע און אין דער פאנטאזיע פון פאלק, קען מען אים גריילעך פארגלייכן מיט פראנציסקוס פון אסיסי״. א דאנק דער לויטערקייט פון זיין כאראקטער, זיין ריין, יושרדיק און גאטפארכטיק לעבן און זיינע דערהויבענע מעשים, האט ער זיך געמאכט אומשטארביק ביי זיין פאלק. די לעגענדע פארהערלעכט אים אפילו נאך זיין טויט. זענען אפשר זיינע ניסים נאכן טויט נישט קלענער ווי די, וואס ער האט באוויזן ביי זיין לעבן. דערציילט אונדז טאקע די מעשה (נר. קפ״ג), אז אין רעגענסבורג איז געווען א טויער־היטער, א רשע מרושע, וואס האט תמיד אויף צו להכעיס געקלונגען מיט די טורעם־גלאקן פון טויער, בעת א יידישער לויה. אז ר׳ יודא איז נפטר געווארן און דער מרושעדיקער טויער־היטער האט ווי זיין שטייגער געוומען קלינגען מיט די גלאקן פון טויער, בעת מען האט ר׳ יודאן ארויס־געטראגן צו קבורה, איז געשען א נס און דער טורעם איז איינגעפאלן און באגראבן אונטער זיך דעם רשע, וואס האט אזוי אפט דערצערנט די יידן.

ווילן מיר נאך צום סוף מוסיף זיין א וויטערדיקע מסורה וועגן דעם טויט פון אט דעם אויסערגעוויינטלעכן ייד, וואס הגם זי איז נישט פאראן אין אונדזער מעשה־ציקל, געפינט זי זיך אבער אין דעם העברעישן כתב־יד פון ברילן (נר. 37). פאר זיין פטירה, הייסט עס דארטן, האט ר׳ יודא געבעטן ביי די פאר־

[11] י. בער, צ.וו. ז. 49.



8

זאמלטע טובי העיר, אז זיי זאלן אים דערלאנגען א פען און פאפיר, ווייל ער וויל זיי מגלה זיין דעם קץ. אבער ווי נאר ער האט געגומען די פען אין דער האנט אריין און געוואלט עפעס אנשרייבן, איז ער תיכף נסתלק געווארן. דער מנהיג הדור, דער נביא און בעל־מופת, קען בשעת הכושר מגלה זיין דער וועלט דעם סוף פון יידישן גלות און דאס קומען פון משיחן. אבער דער דור איז אפנים, ווי שוין אזוי אפט אין דער געשיכטע, נישט געווען ראוי דערצו. אזוי ווערט ר׳ יודא נפטר איידער ער באווייזט צו אנטפלעקן דעם גרויסן סוד פון דער יידישער גאולה, וואס האט געמאטערט גאנצע דורות פון מקובלים, גאט־זוכער און וויזיאנערן.

אפילו דער טויטער גוף פון א צדיק און קדוש, גלייבט דאס פאלק, האט נאך זיין אמאליקע קדושה. אדרבא, מיר האבן א כלל, אז ״צדיקים זענען אפילו גרעסער נאך זייער טויט ווי ביי זייער לעבן״[12]. דערפאר טאקע באווייזן צדיקים אין דער פאלקס־לעגענדע ניסים אפילו נאך זייער טויט. לעבן דאך אינעם צדיק אזעלכע אויסערגעוויינטלעכע געטלעכע כוחות, וואס שטארבן נישט אפ מיטן פיזישן טויט פון צדיק, דער פיזישער טויט איז בעצם נישט סוף, פינאליטעט. לעבן און טויט זענען צוויי פארשיידענע פארמען פון איין און דער זעלביקער עקזיסטענץ. א דאנק זיין קדושה און גייסטיקער גרויסקייט איז דער צדיק גובר זיין פיזישן טויט און לעבט ווייטער אין די ספערן פון דער געט־לעכער אייביקייט. מיט זיין גייסט איז ער מגין אויף זיין דור און אויף די דורות, וואס קומען נאך אים.

ר׳ יודא האט מעמיד געווען א דור פון גדולים און מקובלים, וואס האבן ממשיך געווען די גילדענע קייט פון די בעלי־סוד אין אשכנז. ער האט אויך געהאט דריי זין: ר׳ שמואל, ר׳ זלמן (אדער זלטמן) און ר׳ משה. וועגן ״ר׳ זלמן בן הרב ר׳ יודא החסיד״ זענען פאראן עטלעכע נאטיצן אין דער רבנישער ליטעראטור פון דער צייט און אויך עטלעכע אנצוהערענישן אין דער שבחים־ליטעראטור[13]. שבת פרשת זכור, ט׳ אדר תתקע״ז (18.2.1217) איז ר׳ יודא געווארן קראנק און דעם פאלגנדיקן מיטוואך, י״ג אדר, איז ער נפטר געווארן. זאגט וועגן אים זיין תלמיד־מובהק ר׳ אלעזר בן ר׳ יהודה ״רוקח״ אין דער הקדמה צו זיין ספר החכמה: ״ועתה... נחסרנו צדיק יסוד עולם... אשר ידע ולמד סוד התורה, הוא רבי ומורי רבנו יהודה חסיד בן א״ר שמואל החסיד בן רבנו קלונימוס הזקן, כלי חמדה, שר התעודה״. (און איצט... האבן מיר פארלוירן א גרויסן צדיק, וואס איז געווען דער יסוד פון דער וועלט... וואס האט א סך געוווסט און האט געלערנט די סודות פון דער תורה, דאס איז מיין האר און לערער ר׳ יודא חסיד, דער זון פון ר׳ שמואל חסיד, דער זון פון ר׳ קלונימוס דעם אלטן, א וווּנדערלעכע כלי, א שר פון דער תורה״.)

---

[12] גדולים צדיקים במיתתן יותר מבחייהן. חולין, ז׳, ע״ב.

[13] פגל. אפטוביצער, צ.וו. ז. 348 ; כ״י ברילל נר. 23 און כ״י אינסברוק נר. 82.

די קייט פון די חסידים־מקובלים אין דייטשלאנד האט זיך מיטן טויט פון ר׳ יודאן נישט איבערגעריסן. די שיטה פון דער חסידים־באוועגונג האבן ממשיך געווען און ווייטער פארטיפט זיינע תלמידים און גייסטיקע יורשים און בעיקר ר׳ אלעזר בן ר׳ יהודה, דער מחבר פון ספר הרוקח, וואס איז געווען גרויס סיי אין נגלה און סיי אין נסתר. די פלאם פון חסידות, וואס עס האט צעצונדן ר׳ יודא האט נאך לאנג געווארימט די שפעטערדיקע דורות און פאר זיי געווען א ליכטשיין אין די פינצטערע צייטן, א קוואל פון דערהייבונג און פרייד אין די טעג פון רדיפות און עינוים, וואס די יידישע געשיכטע איז דאך געווען אזוי רייך דערמיט.

קאפיטל 4

# די מעשות אין דרוק און אין די כתב־ידן

## 1. די דרוקן

ווי עס איז אונדז שוין אויסגעקומען קורץ צו דערמאנען, האט זיך קודם כל אונדזער שבחים־ציקל פולשטענדיק אויפגעהיטן אינעם מעשה־בוך (ערשט־אויסגאבע, באזעל 1602) מיט 27 מעשות, וואס זענען אפגעטיילט דורך א באזונדערער איבערשריפט פון די איבעריקע מעשות, א סימן, אז דער ציקל האט אמאל עקזיסטירט אלס אן אפגעזונדערטע גאנצקייט. זאגט שוין אויף דעם עדות דאס דערמאנטע קעפל ביים אנהייב פונעם מעשות־ציקל (און טאקע אין דער רשימה צום סוף פון בוך): "אל היא וויל איך נון אן היבן צו שרייבן דיא מעשים פון רבי יודא חסיד אונ' פון זיינם פאטיר רבי שמואל חסיד ווייש זיך אין אירן צייטן פר לאפין האט". דער ארויסגעבער פון מעשה־בוך האט על כן איבערגענומען אן אפגעשלאסענע זאמלונג פון מעשות ארום ר' שמואל און ר' יודא חסיד און אלס אזעלכע זי ארייגגענומען אין זיין בוך. ווי מען קען אבער שוין זען פון דער נאטיץ, הערשט אין דער באזעלער אויסגאבע א כראָ־נאלאגישער מישמאש. עס איז נישטא קיין מוקדם און קיין מאוחר אין דעם סדר פון די מעשות. עס גייען נישט, ווי מען וואלט געקענט דערווארטן, צוערשט די מעשות פון פאטער ר' שמואל און דערנאך פון זיין זון ר' יודא, נאר זיי זענען אויסגעמישט צווישן זיך, אן א וועלכן זין פאר צייט און ארט. אט למשל הויבט זיך אן די ערשטע מעשה נר. קנ"ח גאר מיטן טויט פון ר' יודאן און דווקא די לעצטע מעשה נר. קפ"ב דערציילט ווי אזוי עס זענען געבוירן געווארן צו ר' שמואלן זיינע צוויי זין, ר' אברהם, דער עלטערער און ר' יודא, דער יינגערער. אויך די נומעראציע פון די מעשות אין "באזעל" איז לחלוטין נישט קיין פינקטלעכע. אזוי האבן זיך אויך, מער אדער ווייניקער, נוהג געווען די זעקס אויפלאגעס, וואס האבן געטריי נאכגעפאלגט די באזעלער אויסגאבע. זיי האבן אבער ארויסגעלאזט די לעצטע מעשה נר. קפ"ב, אפשר טאקע דער־פאר, וואס זי האט כראנאלאגיש געדארפט שטיין בראש פונעם ציקל, און קיין צו גרויסע שינוים אין דעם איבערדרוקן דעם טעקסט האבן אט די ארויס־געבער נישט געוואלט מאכן. א סדר, הן אין דער כראנאלאגיע פון די מסורות און הן אין דער נומעראציע, האט ערשט ארייגגעטראגן די אמסטערדאמער אויסגאבע פון 1701, וואס עס האט באזארגט ר' אשר אנשל בן אליעזר חזן, אליין א ייד א למדן און א געניטער רעדאקטאר. ווען מען אגב אורחא בן־יעקב (אוצר הספרים, נר. 1793, 353) רופט אן מיט א טעות, דעם ארויסגעבער

פון באזעלער מעשה־בוך. ר׳ אשר אנשל האט צום ערשטן מאל סיסטעמאטיש געארדנט די מעשות ארום ר׳ שמואל און ר׳ יודא חסיד און בראש אוועק־געשטעלט די סעריע מעשות פון פאטער און דערנאך פון זיין זון. ער שאפט אויך א גוטן איבערגאנג אין דער מעשה נר. קס״ו פון ר׳ שמואלן צו זיין זון ר׳ יודא מיט דער נאטיץ: ״אונ׳ וואר אויז אים (ר׳ שמואל) דר הער רבי יודא חסיד, דש איר איצונד נאך פיל וואונדר פון אים ווערט הערן״.

מסתמא צוליב צענזור־טעמים האט יונה בן משה גאמבורג, דער ארויס־געבער פון דער אויסגאבע רעדעלסהיים 1753 [1], ארויסגעלאזט עטלעכע מעשות (קע״ד, קע״ח און קע״ט) פון אונדזערן ציקל.

הוספות צו דעם ציקל מעשות, בפרט פון ר׳ אלעזר בן יהודה ״רוקח״, וואס זענען אין אונדזער מעשה־בוך נישט פאראן, אזוי למשל די מעשה פון ר׳ יודאס מוטער אין ווארמס, געפינען מיר נאך אין ספר מעשה נסים פון ר׳ יוזפא שמש (17־טער יארה.), וואס זיין זון אליעזר ליבערמאן האט ארויסגעגעבן אין אמסטערדאם אין יאר 1696.

אחוץ די מעשות אין דרוק, האבן זיך אונדז נאך דערהאלטן א ריי העברעישע און יידישע כתב־ידן, וואס האבן אויפגעהיטן גאר וויכטיקע מעשה־וואריאנטן און וואס מיר ווען איצט בקיצור באהאנדלען.

## 2. די כתב־ידן

### א. העברעישע כתב־ידן

1, כתב־יד ברילל [2].

דער דאזיקער כתב־יד שטאמט פון דער ערשטער העלפט פון 16־טן יארהונדערט און איז געווארן באשריבן פון נ. ברילל אין ״יאהרביכער פיר יודישע געשיכטע אונד ליטעראטור״, יארגאנג 1889, ז. 20—45. דער קאפיסט און זאמלער פון די העברעישע מעשות איז אפשר געווען משה בן גרשון. זיין כתב־יד איז כולל קודם כל א זאמלונג מעשות פון תלמוד און מדרש און דערצו נאך 40 מעשות און מסורות פון ר׳ שמואל חסיד, זיין זון ר׳ יודא און א ריי בני־דור. צוואנציק פון די מעשות זענען על־פי־רוב אידענטיש מיט דער מעשה־בוך־טראדיציע.

וועגן דער שייכות פון די ביידע מקורים קלערט אונדז אויף די פאלגנדיקע טאבעלע:

| מעשה־בוך | | כ״י ברילל |
|---|---|---|
| נר. קנ״ח | | נר. 13 |
| קנ״ט | | 9 |
| ק״ס | | 12 |
| קס״ג | טיילווייז אין | 14 |

[1] פגל. דעם מחבר׳ס צ.וו. ז׳ 42.

[2] פגל. קאפ. 1, הערה 2.

| | |
|---|---|
| קס״ד | 25 (רעדט אבער וועגן רבי יהודה פון שפייער) |
| קס״ה | 10 |
| קס״ו | 22 |
| קס״ז | 35 |
| קע״א | 34 |
| קע״ב | 32 |
| קע״ג | 21 |
| קע״ה | 16 |
| קע״ו | 17 |
| קע״ז | 18 |
| קע״ח | 19 |
| ק״פ | 20 |
| קפ״א | 2 |
| קפ״ב | 4 |
| קפ״ג | 36 |
| (באזעל, קפ״ב) | 11 |

זאל נאך דא דערמאנט ווערן די מעשה נר. 11 ״דער הימל עפענט זיך״, וואס איז נאר פאראן אין באזעלער מעשה־בוך נר. קפ״ב (אונדזער הוספה: ג.). מיר האבן דא צו טאן מיט אן אלטער ביאגראפישער מסורה מכוח דער געבורט פון ר׳ שמואלס צוויי זין, ר׳ אברהם און ר׳ יודא.

א צווייטע מעשה (נר. 14) האט גאר אן אינטערעסאנטן וואריאנט. זי גיט איבער א מסורה פון א גולם, וואס ר׳ שמואל חסיד האט זיך באשאפן און וואס האט אים כסדר באגלייט און באדינט אין די יארן פון זיינע וואנדערונגען. דער המשך פון דער מעשה איז אבער גאר אן אנדער. בעצם א קאמפילאציע מיט אונדזער מעשה קס״ג, וואס דערציילט ווי ר׳ שמואל איז געווען אמאל אונטער־וועגס מיט דריי פארשוינען און זיי האבן זיך פארבלאנדזשעט אין א טיפן, פינצטערן וואלד. אויף איין מאל האט ר׳ שמואל דערזען א קליין, נידערעק הייזל, און אריינגייענדיק דארטן האט ער געפונען אן אלטן גרייז־גרויען מאן, וואס איז געווען ירמיה הנביא. ער האט אים פארבעטן ביי אים צו איבער־נעכטיקן און בשעת־מעשה אים געווארנט פאר זיינע באגלייטער, וואס זענען גרויסע רשעים און זענען ווערט, אז די ווילדע חיות אין וואלד זאלן זיי פאר־צוקן. דער זכות פון צדיק ר׳ שמואל האט אבער אויף זיי מגין געווען, אז זיי זענען אנטרונען געווארן. כעלות הבוקר, האט דער אלטער מאן זיי געוויזן דעם וועג און גיך זענען זיי ארויסגעקומען פונעם טיפן וואלד. וועגן גולם הערן מיר שוין גארנישט מער. דער וואריאנט איז אין אונדזערע מקורים נישט פאראן. אגב, דיזעלביקע מעשה געפינט זיך אויך אינעם כ״י פראנקפורט נר. 4. נר. 25 דערציילט בעצם דיזעלביקע מעשה ווי אין אונדזער ציקל נר.

קס״ד, אבער מיט דעם אונטערשייד, וואס דא רעדט זיך וועגן רבי יהודה פון שפייער, א בולטער סימן פאר דער מאטיוון־וואנדערונג פון די אלטע מסורות.

2, כ״י פראנקפורט.

א ווייטערדיקער יקר־המציאות איז דער העברעישער כתב־יד פראנק־פורט, וואס איז נאך עד היום נישט באארבעט געווארן ווי געהעריק. דער כ״י באשטייט בסך־הכל פון אכט מעשות פון ר׳ שמואל חסיד און פון זיי זענען זעקס אין גאנצן, און איין מעשה (נר. 4) טיילווייז אידענטיש מיט דער מעשה־בוך רעצענזיע. דעם פארגלייך מאכן מיר אויפן סמך פון נאטיצן, וואס האבן זיך ביי אונדז אויפגעהיטן.

| מעשה בוך | כ״י פראנקפורט |
| --- | --- |
| נר. קפ״ד | נר. 1 (ז. 92) |
| ק״ס | 2 (ז. 92/93) |
| קנ״ח | 3 (ז. 94) |
| (קס״ג ?) | 4 (ז. 95) |
| —— | 5 (ז. 96) |
| קנ״ט | 6 (ז. 97 א) |
| קס״ח | 7 (ז. 97 א) |
| קס״ה. | 8 (ז. 97 ב) |

נר. 4 איז אידענטיש מיט דער רעצענזיע פון כ״י ברילל (נר. 14) און איז אן אינטערעסאנטער ווואריאנט פון נר. קס״ג. די מעשה הייבט זיך אן: ״מעשה בר׳ שמואל חסיד שבא אדם אחד וכתב לו אמת במצחו...״ לאמיר באמערקן, אז די פראזע ״שבא אדם אחד״, פאסט זיך דא שלעכט אריין און האט עפעס קיין טעם נישט. אפשר מוזן מיר דעריבער אויסבעסערן און לייענען ״שברא אדם אחד״, וואס האט באשאפן א מענטשן?

די הייליקייט פון די אותיות אמת איז באקאנט. ״אמת״ איז דער חותם פון גאט (שבת, נ״ה) און מיט דעם כוח פון די הייליקע אותיות קען מען, על כן, באשאפן א גולם. אויך פון בן סיראן ווערט דערציילט, אז ער האט באשאפן א גולם און אויף זיין שטערן זענען געווען אויסגעקריצט די אותיות ״אמת״ (פגל. קאפ. 5, נר. קס״ג). אונדזער מעשה נר. קס״ח דערציילט פון איינעם ר׳ אמיתי, וואס איז געבוירן געווארן מיטן אות אמת אויף זיין שטערן.

נאך דעם גולם־וואריאנט, קומט די מעשה פון ר׳ שמואלן, וואס האט זיך צוזאמען מיט זיינע באגלייטער פארבלאנדזשעט אין א וואלד און געבליבן איבערנאכט ביי ירמיה הנביא. דא ווארטן זיי אבער נישט ביז צום פרימארגן, נאר ממש אין מיטן דער נאכט ווייזט זיי דער נביא דעם וועג ווי ארויסצוקומען פון וואלד (״ובאותו הלילה הראה הנביא לר׳ שמואל וחבירו הדרך״). לויט דעם דאזיקן וואריאנט האבן זיי אפנים אפילו דארט נישט איבערגענעכטיקט. וועגן

דעם, אז ר׳ שמואל האט די לייט, וואס זענען געווען גרויסע רשעים, צום סוף מחזיר למוטב געווען (ווי למשל עס ווערט דערציילט אין מ״ב) ווערט דא כלל נישט דערמאנט.

נר. 5 דערציילט ווי אזוי ר׳ שמואל האט אויף זיינע וואנדערונגען געטראפן דריי תלמידי־חכמים, וואס האבן אבער מיט אים נישט געוואלט מיטציען. זיי האבן געטענהט ״אין אנו רוצים למכור תורתינו״, אז זיי ווילן נישט האנדלען מיט דער תורה. מסתמא האבן זיי נישט געוואלט נהנה זיין פון דעם כבוד־התורה אונטערוועגס. אין אונדזערע מקורים איז די מעשה נישט פאראן.

ב. די כתב־ידן אין יידיש

אין יידיש זענען אונדז לעת־עתה באקאנט דריי כתב־ידן, וואס האבן אויפגעהיטן די שבחים־ליטעראטור מיט מסורות וועגן ר׳ שמואל און ר׳ יודא חסיד.

1, כ״י מינכען.

לאמיר זיך קודם כל אפשטעלן אויף דעם כ״י מינכען (Cod. hebr. 100), וואס איז געשריבן געווארן פון יצחק בן יודא רויטלינגן אינעם יאר ש״מ=1580. ווי באקאנט, באשטייט דער כ״י פון 22 מעשות, וואס נאר איין מעשה געהער זיך אן מיט אונדזער שבחים־ציקל. עס איז די מעשה נר. 10 (״דער הימל עפנט זיך״), וואס איז אידענטיש מיט נר. קפ״ד און וואס מיר האבן שוין פריער דערמאנט אין שייכות מיטן כ״י ברילל.

א גרויסן פלאנטער האט אנגעמאכט יצחק רויטלינגס נאטיץ, וואס געפינט זיך צום סוף פון דער מעשה: ״... דר נוך גינג אויש בון אים ר׳ יודא חסיד, דא איך ויל בון גישריבן הב אים מעשה בוך״. הכלל, לאזט אונדז רויטלינגנס נאטיץ הערן, אז ער האט א סך געשריבן פון ר׳ יודא חסיד אין מעשה־בוך. אגב, די דאזיקע נאטיץ איז אין מעשה בוך גופא נישט פאראן און שטיינ־שניידער [3] האט דערפון געוואלט דרינגען, אז יצחק רויטלינגן איז דער מחבר פון א סך מעשות פון ר׳ יודא חסיד, וואס זענען אריין אינעם מעשה־בוך־״קאנאן״. על כן, קומט שטיינשניידער צו דער מסקנה, איז יצחק רויטלינגן דער מחבר פונעם שבחים־ציקל ארום ר׳ יודא חסיד, און די דערהאלטענע מעשות זענען ״נאר א פראגמענט פון דעם אזוי גערופענעם און אונטער דעם טיטל ׳מעשה בוך׳ געדרוקטן בוך״. אין אונדזער מאנאגראפיע [4] האבן מיר געפרווט אפצופרעגן שטיינשניידערס השערה און צו באווייזן, אז די נאטיץ האט מלכתחלה גארנישט צו טאן מיט רויטלינגן אלס דעם מחבר פון די מעשות. אדרבא, רויטלינגן איז נאר געווען דער קאפיסט פון דער מעשה־זאמלונג און האט בכן געטריי איבערגעשריבן די נאטיץ, וואס האט מן הסתם געשטאמט

[3] מ. שטיינשניידער, סעראפעאום, 1864, ז. 67.

[4] ציט. ח. ז. 62.

פון דעם פאקטישן מחבר. אזעלכע זאמלונגען פון מעשות און מסורות ארום ר׳ שמואל, זיין זון ר׳ יודא חסיד און זייערע מיטצייטלער האבן שוין בלי ספק עקזיסטירט פון קדמונים און זענען געווארן כסדר איבערגעשריבן, אפט מיט שינוים און הוספות פון נייעם מעשה־מאטעריאל. דער מחבר פון אזא זאמלונג (נישט געקוקט אויף איר גרייס) האט זייער גוט געקענט אנרופן זיין חיבור א מעשה־בוך און צום סוף פון א פאסיקער מעשה, ווו ער האט גראד דער־ציילט פון דער געבורט פון ר׳ יודאן, באמערקן, אז ער האט שוין א סך געשריבן פון ר׳ יודאן אין זיין מעשה־בוך. אזעלכע נאטיצן זענען כלל נישט זעלטן אין די עלטערע כתב־ידן און קומען אויך עפטערס פאר אין אונדזער מעשה־בוך [4*]. דאס זענען געווען באליבטע מנעמאטעכנישע מיטלען מיט וואס דער דערציילער אדער גאר דער שרייבער האט זיך באנוצט כדי צו דערמאנען דעם לייענער, אז פון דעם אדער יענעם העלד האט ער שוין דערציילט ביי אן אנדער געלעגנהייט, און אגב אורחא פארשטארקן זיין אינטערעס אינעם סיפור־המעשה.

לאמיר נאך צוגעבן, אז די מעשה נר. 12, וואס הייבט זיך אן ״מעשה גישאך אן דעם חסיד ר׳ שמואל ורומקייט״ האט לחלוטין גארנישט צו טאן מיט אונדזער רבי שמואל חסיד. דער נאמען איז פשוט פארגרייזט, מחמת די מעשה גופא דערציילט גאר פון דעם תנא רבי ישמעאל בן אלישע און זיין געבורט, וואס מיר געפינען אינעם מעשה־בוך אונטער נר. 33. לאזט טאקע רויטלינגן אויס זיין סיפור־המעשה: ״... אז מיר הבן ור נומן בייא אלישע ווייפ ... דיא גיוואן אן זון דער היש ר׳ ישמעאל כהן גדול״.

2, כתב־יד יאפע.[5]

דער כ״י באשטייט פון אכט מעשות, וואס פינף פון זיי באלאנגען צו אונדזער שבחים־ציקל. זיי שטיין אין פאלגנדיקן פארהעלטעניש צום מעשה־בוך:

| מעשה־בוך | כ״י יאפע |
|---|---|
| נר. קע״א | נר. 2 (ז. 3 ב) |
| קע״ו | 3 (ז. 4 א) |
| קפ״ג | 4 (ז. 6) |
| קס״ז | 5 (ז. 6/7) |
| קע״ח | 7 (ז. 9) |

ליידער איז דער מעשה־כ״י נישט פולשטענדיק. אזוי למשל פעלט דער

[4*] אזוי למשל אין נר. ק״ע: ״און עס איז פון אים ארויסגעקומען רבי יודא, פון וועם איר וועט יעצט נאך הערן א סך מעשה־ניסים״.

[5] דער מחבר דאנקט יודא א. יאפען פאר דער פריינדלעכקייט, וואס ער האט אים דערלויבט זיך צו באנוצן מיט דעם כ״י (אין פאטאסטאט) און פאר די ידיעות, וואס ער האט אים מכוח דעם געגעבן. לויט יאפעס אינפארמאציע איז דער כ״י געשריבן געווארן בערך 1579

המשך און סוף פון דער מעשה נר. 2 (ז. 3) און דער אנהייב פון א ווייטער־דיקער מעשה, וואס זעט זיך אויס צו זיין אידענטיש מיט דער מעשה קע״ב. דערפון האט זיך אבער דערהאלטן נאר דער סוף, וואס ווארירט פון די איבעריקע כתב־ידן און דעם טעקסט פון מעשה־בוך.

3. דער כתב־יד אינסברוק.[6]

דא האבן מיר פאר זיך איינעם פון די פולשטענדיקסטע און טאקע גוט דערהאלטענע מעשה־כ״י, וואס באשטייט פון 109 מעשות. דער כ״י איז געשריבן געווארן אין אינסברוק פון שמואל בן זעליקמאן בק אינעם יאר 1596 = שנ״ו [7].

אינעם כ״י גיין אריין 26 שבחים־מעשות, וואס 25 פון זיי געפינען מיר אין דער מעשה־בוך־טראדיציע. די מעשה נר. 82 פון ר׳ יודא חסידס זון, ר׳ זלמן, שטאמט פון אן אנדערן מקור און איז אידענטיש מיט דער מעשה נר. 23 כ״י ברילל. אויך אין ספר הגן, יום ד׳ געפינען מיר דיזעלביקע מעשה.

להיפוך צו די אנדערע כתב־ידן, איז דא דער שבחים־ציקל אין א כראנא־לאגישן סדר. צוערשט קומען די מעשות פון ר׳ שמואל און דערנאך פון זיין זון ר׳ יודא. איז טאקע אויך דער קרייז אפגעטיילט פון די איבעריקע מעשות מיט פאלגנדיקער נאטיץ: ״היא היבן אן די מעשים פון רבי שמואל חסיד און זיין זון רבי יהודא זצ״ל״. די שייכות צווישן דיביידע מקורים באווייזט דער ווייטערדיקער פארגלייך:

| מעשה בוך | כ״י אינסברוק |
|---|---|
| נר. קנ״ח | נר. 69 |
| קנ״ט | 70 |
| ק״ס | 71 |
| קס״א | 72 |
| קס״ב | 73 |
| קס״ח | 74 |
| קס״ג | 75 |
| קס״ד | 76 |
| קס״ה | 77 |
| קע״ב | 78 |

און איז א טייל פון א זאמל־באנד, וואס איז כולל: א) קורצע תפילות; ב) עקידת יצחק; ג) מעשות; ד) מנהגים; און ה) א קאמפלעטן סדר נשים פון 139 קאפיטלעך.

[6] דער כ״י האט זיך באוויזן אין לאנדאן אינעם הארבסט 1955. איידער ער איז געווארן פארקויפט קיין ניו־יארק אויפן מחבר׳ס רעקאמענדאציע, האט ער געהאט א געלעגנהייט צו פארגלייכן א צאל מעשות. ליידער האבן זיינע נאטיצן ניט געקענט זיין פולשטענדיק. עס איז צו האפן, אז דער כ״י וועט בקרוב ארויסגעגעבן ווערן.

[7] צוזאמען מיט שלמה בירנבוים לייען איך שנ״ו. פגל. S. Birnbaum, Das Datum des Codex Zimt-Sand, in Mitteilungen, Arbeitskreis für Jiddistik, 2. Band (Januar), 1960.

| | |
|---|---|
| קס״ז | 79 |
| קע״ג | 80 |
| קס״ו | 81 |
| —— | 82 |
| קע״ד | 83 |
| קע״ה | 84 |
| קע״א | 85 |
| קע״ו | 86 |
| קע״ח | 87 |
| קע״ט | 88 |
| ק״פ | 89 |
| קע״ז | 90 |
| קפ״א | 91 |
| קפ״ב | 92 |
| קפ״ג | 93 |
| קס״ט | 96 |

נר. 74 פון כ״י (אונדזער קס״ח) האט אויפצעווייזן א קליינע וואריאציע. דא רעדט זיך וועגן ר׳ שמואלן אנשטאט ר׳ יודאן ווי אין דער מעשה־בוך־טראדיציע. די מעשות נר. 93 און 94 געהערן נישט צו דעם שבחים־ציקל.

אין משך פון דורות האבן זיך געוועבט כל המיני מסורות און לעגענדעס ארום די פערסאנאזשן פון יידישן מיטלעלטער אין דייטשלאנד, און די פאלקס־פאנטאזיע האט ארום זיי געפלאכטן אלץ נייע, שענערע און הארציקערע מעשות, וואס האבן אמאל געוואנדערט פון מויל צו מויל און שפעטער זענען זיי געווארן פיקסירט און געזאמלט פון פארשיידענע מחברים. דער פאקט, למשל, אז די מעשה ״דער הימל עפנט זיך״ (באזעל, קפ״ב) געפינט זיך סיי אין א העברעישער און סיי אין א יידישער רעצענזיע, באווייזט אונדז פון דאסניי, אז א סך אלטע טראדיציעס זענען געפלאסן דורך פארשיידענע קאנאלן צום מעשה בוך, און זענען אזוי ארום געווארן אויפגעהיטן פאר קומענדיקע דורות.

## קאפיטל 5

# מאטיוון און וואריאנטן

דער אנאליז פון די מקורים באווייזט אונדז קלאר, אז נישט געקוקט אויף קלענערע, אפט אומבאטייטיקע שינוים אין טעקסט, איז דער נוסח פון די מעשות אומעטום כמעט אידענטיש. די געציילטע וואריאנטן, וואס האבן זיך דא און דארטן איבער די פארשיידענע כתב־ידן דערהאלטן, קומען אונדז אפלערנען אויף די מאטיוון־וואנדערונג פון דער מעשה, וואס איז א באקאנטע דערשיינונג אינעם קאמפאראטיוון פאלקלאר. ווייזן מיר דאך, אז די צאל פון די מאטיוון אינעם פאלקלאר איז בדרך כלל א באגרענעצטע, הגם די פאלקס־שאפונג באנוצט זיי מיט א פרייער האנט, אן דיסקרימינאציע און אומבא־גרענעצט. בלייבט טאקע דער מאטיוו דער גלייכער, געביטן האט זיך נאר דער לבוש, דאס חיצוניות און דער נוסח פון דער מעשה. עס זענען אפט פאראלעלע מסורות פון דור צו דור, וואס דערציילן דיזעלבע "געשעעענישן" פון גלייכע ערטער און פארשיידענע היסטארישע פערסאנאזשן. בעצם ווייסט דאך דער מאטיוו אלס א זעלכער נישט פון קיין שום צייטלעכע אדער געאגראפישע גרענעצן. ער וואנדערט שפילעוודיק־לייכט איבער צייטן און לענדער און עס באנוצן זיך מיט אים אין א גלייכער מאס סיי די יידן און סיי די אומות העולם. האט די שפילעוודיקע פאלקס־פאנטאזיע צוגעטשעפעט צו אירע ליבלינגן פון עבר מאטיוון און ניסימדיקע מעשים, וואס זי האט אפט אנטליען פון דער פרעמד, זיי צוגעפוצט און אמאל גאר וואריירט לויט די צייט־און ארט־פארהעלטענישן פונעם באליבטן העלד.

אין פארגלייך מיט דער העברעישער מסורה, זענען די מעשות אין יידיש על־פי־רוב ברייטער, בארעדעוודיקער און דערפאר פאלקסטימלעכער. נישט זעלטן ענדיקט זיך א מעשה מיט א גאטספארכטיקער ווינטשונג לויטן נוסח פון דער מוסר־ליטעראטור און מיט א פרומען "אמן סלה".

* * *

מעשה נר. קנ"ח. (ב. קנ"ט). "דער פארמעט מאכער".

עס איז איינע פון די ערשטע ביאגראפישע מעשות, וואס מיר פארמאגן אינעם מעשה־בוך פון ר' שמואל חסיד. ווי עס איז געווען דער שטייגער אין אמאליקע דורות, האבן יונגע לומדים און תלמידי חכמים כסדר געוואנדערט פון איין מקום תורה צום אנדערן, כדי צו לערנען ביי די באקאנטע גדולי

התורה. אין אונדזער מעשה קומט אמאל ר׳ שמואל צום גדול הדור, רבי יעקב בן רבי מאיר תם קיין ראמערו [1], און מחמת זיין גרויסער עניוות גיט ער זיך נישט צו דערקענען, כדי נישט נהנה צו זיין פון כבוד התורה.

בשעת די יידישע מקורים רעדן בדרך כלל פון ״איינם גדול דער היש רבי יעקב״, דערמאנט דער כ״י פראנקפורט בפירוש ״ר׳ יעקב מרמרו״ און כ״י ברילל האט גאר ״רבינו יעקב מרומא (!)״, וואס איז מסתמא פארגרייזט און מען מוז לייענען ״מרמרו״, וואס איז בלי ספק טאקע רבי יעקב תם.

אז די שטוב־מענטשן ביי ר׳ יעקבן פרעגן ר׳ שמואלן ווי ער הייסט, ענטפערט ער תמימותדיק ״שמואל פערמיט מאכיר״, אן אנצוהערעניש אויף זיין תורה, וואס איז געשריבן אויף פארמעט. דער כ״י ברילל האט ״שמואל פרעצמינר״ און גיט צו ״והיה קל אחד ופריץ בימיהם שהיה שמו כך ולא הראה לו עוד פנים יפות״. ר׳ שמואל רופט זיך ״פרעצמינר״, וואס נעמט זיך פון פרצמין — פארמעט. היות ווי עס איז גראד דעמאלט געווען איינער א הפקר־יונג, וואס האט אזוי געהייסן, האט אים דערפאר ר׳ יעקב נישט פריינדלעך אויפגענומען. דער נוסח אין כ״י פראנקפורט איז ״פרק מיכר״, וואס האט דאך קיין שום זינען נישט און איז מסתמא פארגרייזט פון דעם יידישן ״פרמיט מכיר״.

דער סוף פון דער מעשה וואריירט צווישן די העברעישע און יידישע מקורים. לויט דעם מ״ב (און אזוי אויך אין כ״י אינסברוק) באגלייט ר׳ יעקב מיט זיינע תלמידים ר׳ שמואלן ארויס פון שטאט און ערשט דערנאך זאגט אים איינער פון זיינע תלמידים, אז עס איז א סברא, אז דער אומבאקאנטער גאסט איז געווען נישט קיין אנדערער ווי ר׳ שמואל חסיד. אינעם כ״י פראנקפורט איז בכלל נישט דערמאנט, אז ר׳ יעקב האט אים ארויסבאגלייט פון שטאט (ווייל ממה־נפשך, איז ער באמת געווען דער באקאנטער הפקר־יונג שמואל פרעצמינער, טא ווי אזוי זאל אים דער גדול הדור אנטאן אזא כבוד און ארויס־באגלייטן פון שטאט, ווי מען איז זיך נוהג מיט אנגעזעענע געסט). עס ווערט אבער דערציילט, אז בשעת ר׳ שמואל האט זיך שוין געהאט געלאזט אין וועג ארײן, מאכט איינער פון די תלמידים רבי יעקבן אויפמערקזאם אויף דעם אויסטער־לישן נאמען ״פארמעט מאכער״, וואס מוז האבן אן אנדערן באטייט. די דאזיקע רעצענזיע איז אויך פינקטלעכער. ערשט דעמאלט באשליסט ר׳ יעקב נאכצו־איילן זיין חשובן גאסט און ברענגט אים צוריק מיט זיך אין שטאט ארײן. אלע מקורים זענען דא פה־אחד מוסיף, אז די ביידע גדולים זענען דערנאך פארבליבן צוזאמען אין א חדר מיוחד גאנצע פערצן טעג און קיין שום ילוד אשה האט נישט געוווסט פון די סודות, וואס זיי האבן מיט אנאנד גערעדט. ערשט דערנאך האט ר׳ יעקב ר׳ שמואלן אוועקגעשיקט מיט גרויס כבוד, ווי עס פאסט זיך פאר אזא חשובן אורח. ווי דער שטייגער איז פונעם פאלקסטימ־

---

[1] ראמערו = Ramerupt אין צפון פראנקרייך.

לעכן דערציילער, לאזט ער אויס זיין סיפור המעשה מיטן סקארבאוון נוסח: „השי"י ליש אונש איר זכות צו אלין צייטן גיניסן".

פונקט אזוי ווי ר' שמואל חסיד, איז לויט אן אנדער פאלקס־מעשה, געקומען אמאל צו רבי יעקב תם קיין ראמערו דער גדול הדור פון דער פראוואנס רבי אברהם בן דוד (דער ראב"ד) און האט זיך נישט געגעבן צו דערקענען. אגב, הערן מיר פון די מקורים, אז פון די ווייטע סלאווישע מדינות, פון בעמען און רוסלאנד, זענען תלמידים געקומען לערנען אין דער ישיבה פון רבי יעקב תם.

* * *

נר. קנ"ט. „ר' שמואל רייט אויף א לייב".

עס איז א מעשה ווי אזוי ר' שמואל האט מציל געווען א לייב, וואס איז אנטלאפן פון א פאנטער („א חיה, וואס האט געשפיגן מיט פייער"). דער לייב איז אים מכיר טובה דערפאר און פירט אים דערנאך צוריק אויף זיין רוקן צום בארטן פון ים, ווו א שיף האט אויף אים געווארט. די מעשה איז אויך פאראן אין כ"י ברילל נר. 9, כ"י פראנקפורט נר. 6 און אין כ"י אינסברוק נר. 70. אין מ"ב רעדט זיך וועגן א פאנדיל און דער כ"י אינסברוק האט די פארעם פון: א פנטיל [2].

דער מאטיוו פון רייטן אויף א ווילדער חיה איז ווייט באקאנט אינעם פאלקאר און מיר געפינען אים סיי אינעם גריכישן אלטערטום און סיי אין דער שפעטערדיקער קריסטלעכער לעגענדע. אזוי למשל רייט אלעקסאנדער דער גרויסער אויף א לייב און אין דער קריסטלעכער לעגענדע קומט אן דער הייליקער מארטיניאנוס צו רייטן אויפן רוקן פון א דעלפין. א ייִנגערע פאראלעלע האבן מיר אין דער מעשה „הרב והארי" אינעם מעשה־ביכל „מעשיות נוראים ונפלאים", ז. 15—14. דא רייט דער צדיק, וואס האט נישט געוואלט מחלל שבת זיין, אויפן רוקן פון א לייב מוצאי שבת דורכן מדבר און יאגט אן דעם קאראוואן, וואס איז שוין אינצווישן געווען ווייט אוועק פון אים. דער נאמען פונעם לייב איז „אריאל" (= גאטס לייב). פגל. מ. י. ברדיצבסקי, „מאוצר האגדה, 2, 198 און „דער בארן יודאס" (דייטש), V, 81 & 300.

די מעשה געהערט צו דער מאטיוו־גרופע פון „באהעלפיקע חיות" אדער „דאנקבארע חיות" [3], ווו די דאנקבארע חיה באלוינט דעם העלד פאר דעם, וואס ער האט זי באשירעמט פון א סכנה, פון הונגער אדער טויט. דא געהער

---

[2] מה"ד. ביידע פארמען פאראן panter און pantel. Lexer, II, 201.

[3] Stith Thompson, The Folktale, (1946). Index of Tale Types, No. 554.; Bolte und Polivka, Anmerkungen, II, 19ff.

אויך אהער די באקאנטע אנדראקלעס־לעגענדע, וואס מיר געפינען ביי עסאפן און אין די ״געסטא ראמאנארום״.

* * *

נר. ק״ס. ״ר׳ שמואל און די דריי גלחים״

עס איז א מעשה־נורא וואס געפינט זיך סיי אינעם כ״י ברילל נר. 12 און סיי אין פראנקפורט נר. 2 און אין אינסברוק נר. 71. דער טעקסט איז אין אלע מקורים אידענטיש. די מעשה דערציילט ווי אזוי ר׳ שמואל האט באוויזן דריי גלחים, וואס זענען געקומען צו אים פון דער פרעמד, זיינע אויסטערלישע קונצן. די נשמה פון איינעם פון די גלחים פארלאזט איר גוף און אין א צושטאנד פון טראנס זאל זי צוריקברענגען ר׳ שמואלן א ספר פון א געוויסן ר׳ יעקב, וואס האט געוווינט אין א שכנותדיקער שטאט. אבער בעת די נשמה פונעם גלח וויל דערנאך צוריק אריין אין איר גוף, לאזט זי ר׳ שמואל מיט זיינע השבעות נישט אריין. אז די גלחים זעען די מעשים פון ר׳ שמואלן, זענען זיי זיך גיך מודה, אז ער איז א גרעסערער מייסטער פאר זיי און ער לאזט זיי אוועקגיין מיט גרויס כבוד.

עס פארשטייט זיך, אז די פאלקס־פאנטאזיע איז נישט תמיד בכוח געווען זיך צו דערהייבן צו די לויטערע הייכן פון דער ריינער רעליגיאזיטעט פון די חסידים אין אשכנז און זייער אמתדיקער פרומקייט. זי האט דערפאר געשטאל־טיקט זייער לעבן און זייערע מעשים אינעם גייסט פון די מיטלעלטערלעכע פארשטעלונגען און די שטארק איינגעווארצלטע גלייבענישן אינעם כוח פון כישוף און שווארצער מאגיע. זי האט על כן פון די גייסטיקע פירערס און גרויסע בעלי־אמונה געמאכט אויסטערלישע בעל־מופתים, וואס באנוצן זיך אפט מיט דער שווארצער קונסט, זענען עוסק אין השבעות און כל המיני כישוף, כדי אויף אזא אופן יידן מציל צו זיין פון די הענט פון זייערע פינצטערע פייניקער. האבן מיר טאקע דא אן אפקלאנג פון יענע מיטלעלטערלעכע גלייבע־נישן אין די פינצטערע כוחות פון דער מאגיק, אין א וועלט פון שדים און רוחות און כל המיני אויסטערלישע וואונדער מיט וואס סיי די יידישע און סיי די קריסטלעכע וועלט איז געווען אזוי רייך.

ווי ווייט זענען אבער אין דער אמתן די מיטלעלטערלעכע גדולים געווען פון אט די נאיווע, פשוטע און פאלקסגלייביקע מעשה־כישוף. טרעט דאך דער ספר חסידים [4] גאנץ שארף ארויס קעגן אט דער פינצטערער וועלט פון מאגיק און כישוף. באטאנט דער ספר חסידים גאנץ קלאר, אז: ״כל שעוסק בהשבעות מלאכים או בהשבעות שדים או בלחישת כשפים לא יהיה סופו טוב... לכן יתרחק אדם מעשות כל אלה . . .״ (ווער עס איז עוסק אין השבעות פון

[4] ספר חסידים (אויסגאבע וויסטינעצקי ז׳ 76), סי׳ רי״א.

מלאכים אדער שדים, אדער פארנעמט זיך מיט אפשפרעכענישן פון כישוף, וועט נישט האבן קיין גוטן סוף... דערפאר זאל זיך דער מענטש פון דעם אלעם האלטן פון דערווייטנס).

איז פאלקלאריסטיש נאך אינטרעסאנט צו דערמאנען, אז די פרימיטיווע דערקלערן דעם צושטאנד פון טראנס אדער לעטארגיע דערמיט, וואס בשעת די נשמה פארלאזט דעם גוף וואנדערט זי גאר ווייט אוועק, אזש ביז צו די ברעגעס פונעם טייך פון טויט. קומט זי אבער צוריק, דעמאלט שטייט דער מענטש ווידער אויף א פרישער און א לעבעדיקער ווי פריער. ענלעך איז דער יידישער פאלקסגלייבן, וואס האלט אז בעת דער מענטש שלאפט אין דער נאכט, פארלאזט די נשמה דעם גוף און גייט ארויף אין הימל אריין (פגל. איכה רבתי, ג, כ״ג). אגב, דעמאלט פארשרייבט זי דארט די מעשים פון מענטש, וואס ער האט אפגעטאן איבערן טאג. אן אנדערע מדרש־רעצענזיע (בראשית רבה, י״ד, י״א) גיט איבער, אז בשעת דער מענטש שלאפט און די נשמה גייט ארויף אין הימל, שעפט זי פון אויבן פריש לעבן. אינעם חלום איז מען אין הימל אפט מגלה דעם מענטש זיין צוקונפט. א ריי מדרשים אינטערפרעטירן דעם חלום אלס א רעזולטאט פון די וואנדערונגען פון דער נשמה בשעת דער קערפער ליגט איינגעוויגט אין א טיפן שלאף[5]. בעתן שלאף, האלט די פאלקס־פארשטעלונג, איז דער גוף טויט און ער שטייט ערשט אויף אין דער פרי, ווען די נשמה קומט צו אים צוריק. דערפאר האבן טאקע די חכמים מתקן געווען (ברכות, ס, ב) די ברכה, וואס מען זאגט אין דער פרי פארן דאוונען ״אלהי נשמה שנתת בי״ און וואס לאזט זיך אויס מיט: ״המחזיר נשמות לפגרים מתים״.

עס איז נאך כדאי דא צו דערמאנען דאס וואס מאלינאווסקי[6] דערציילט פון די פרימיטיווע אין ניי־גווינעא. ביי זיי איז, למשל, פאראן א קדמונים־אלטע פארשטעלונג, לויט וועלכער א מענטש אין שלאף אדער אין טראנס איז בכוח זיך אוועקצולאזן אויף ווייטע עקספעדיציעס אויף יענער וועלט און בשעת מעשה מיטנעמען וויכטיקע ידיעות אהין און צוריק. דער דאזיקער מאטיוו איז אויך פאראן, ווי מיר האבן געזען, אין דער יידישער אגדה און מיר געפינען אים אויך אין א ריי קריסטלעכע מקורים.

* * *

נר. קס״א. ״רבי שמואל ריכט אפ גלות״

אמאל, דערציילט אונדז די מעשה, האט רבי שמואל געמאלן אין א מיל ווייט צו פסח פאר זיין פאטער רבי קלונימוס. בשעת ער האט געוואלט

[5] ל. גינזבערג, לעגענדן, V,74 און פאראלעלן.

[6] B. Malinowski, Myth in primitive psychology, (1926), p. 99.

ארויפלאדן דאס זעקל מעל אויפן אייזל, האט זיך פלוצים אראפגעלאזט א שלאקסרעגן, וואס האט פארפלייצט דעם וועג. צוליב דעם הויכן וואסער האט ר׳ שמואל נישט געקענט אהיימפירן דאס מעל אויפן אייזל, מחמת עס האט געקענט ווערן נאס און אזוי ארום חמצדיק. נישט לאנג געטראכט, האט ר׳ שמואל מיט א שם באשאפן א לייב "וואס איז גרעסער געווען פון א קעמל" און אויף אים אהיים געפירט דאס מעל צו זיין פאטער. אז דער פאטער האט דאס דערזען, איז ער געווארן שטארק אין כעס אויף אים און אלס שטראף גוזר געווען אויף אים "גלות", כדי ער זאל אפקומען פאר זיינע זינד. ר׳ שמואל האט די דאזיקע תשובה אויף זיך מקבל געווען און פארברענגט גאנצע זיבן יאר, לויט אן אנדער טראדיציע אפילו ניין יאר, אין "גלות" און געווען כסדר נע ונד.

א מין מעשה בתוך מעשה האבן מיר דא אינעם צווייטן טייל, וואס דער־ציילט, ווי אזוי ר׳ שמואל האט אמאל, זייענדיק אונטערוועגס, פארויסגעזען א גרויס יקרות און געראטן א רייכער אלמנה אלץ צו פארקויפן און איינצוקויפן דערפאר תבואות. איר האבן נאכגעטאן א סך פון די שטאט־לייט, אבער גראד איז דאס דאזיקע יאר געווען א יאר פון גערעטעניש און זול און די מענטשן האבן פארלוירן א סך געלט. דערפון האט ר׳ שמואל געהאט זייער א סך צער און כדי מכפר צו זיין אויף דער עבירה, האט ער אויף זיך גענומען אפצוריכטן נאך צוויי יאר גלות. צום סוף פון די ניין יאר איז ער אהיים געקומען צו זיין ווייב, וואס האט אים געבוירן צוויי זין אויף איינמאל, "איינר דער וואר גיהיישן רבי אליעזר אונ׳ דער אנדר רבי אברהם. אונ׳ ווארן צווין הערן אין דער תורה". ערשט דערנאך איז געבוירן געווארן ר׳ יודא.

די מעשה איז אידענטיש מיט נר. 72 אינעם כ״י אינסברוק. אינטערעסאנט איז דא די מסורה, וואס דערציילט פון א זון ר׳ אליעזר, א צווילינג־ברודער פון דעם באקאנטן ר׳ אברהם, וואס וועגן אים שווייגן אבער די איבעריקע מקורים.

ווי באקאנט איז אין דער פאלקס־מעשה נישט פאראן קיין מוקדם ומאוחר, קיין כראנאלאגישער סדר. דערציילט אונדז די מעשה, אגב, ווי אזוי ר׳ שמואל איז אוועק מאלן ווייצן אויף מצה צו פסח פאר זיין פאטער ר׳ קלונימוס. ווייסן מיר אבער פון היסטארישע מקורים, אז ר׳ קלונימוס איז נפטר געווארן אין יאר 1126, בשעת ר׳ שמואל איז נאך געווען גאר יונג. פרעגט זיך, ווי קען גאר געמאלט זיין, אז א יינגל אינעם צארטן עלטער פון ר׳ שמואלן, זאל שוין וויסן די סודות פון קבלה און קענען זיך באנוצן מיטן שם המפורש. ווייסן מיר דאך אויך געוויס, אז די סודות פון קבלה האט ר׳ שמואל ערשט געלערנט פון ר׳ אליעזר בן משולם חזן, ווען ער איז אונטערגעוואקסן. צווייטנס איז אויך נאך קשה, ווי אזוי קען מען דאס ארויפלייגן אזא הארבן עונש פון אפריכטן גלות אויף א יינגל, וואס איז נאך דעמאלט אפילו נישט קיין בר־מצוה און מכל שכן קיין בר־עונשין געווען? לייגט זיך עפעס די גאנצע מעשה נישט אויפן



4

שכל. אבער מיר האבן א כלל, אז אויף לעגענדעס פרעגט מען נישט קיין קשיות. מיר האבן דא בלי ספק צו טאן מיט דעם טיפ פון אן עטיאלאגישער מעשה, וואס וויל פשוט דערקלערן די סיבה פארוואס ר׳ שמואל איז געווען אזויפיל יארן נע־ונד.

אלס א פאראלעל ווילן מיר דא דערמאנען די מעשה פון "ספר יוחסין" [6*] פון אבו אהרון פון בבל, וואס האט אהיים געפירט דאס מעל אויפן רוקן פון א לייב. די סיבה דא איז גאר א פשוטע. היות ווי דער לייב האט אבו אהרון׳ס אייזל פארצוקט, האט יענער נישט געהאט קיין אנדערע ברירה, ווי צו באצווינגען דעם לייב (נישט צו באשאפן א לייב מיטן שם המפורש ווי אין אונדזער מעשה) און אויף אים ארויפלאדן דאס מעל. זיין פאטער האט זיך צוליב דעם אויף אים זייער געבייזערט און אויך גוזר געווען, אז ער זאל אפריכטן דריי יאר גלות.

* * *

נר. קס״ב. "רבי שמואל און דער קמצן".

איינע פון די ביאגראפישע מעשות, וואס דערציילט פון דער דחקות וואס ר׳ שמואל און זיין משפחה האבן געלעבט אין דעם, אזוי אז ער האט געמוזט אנקומען צו קהל נאך הילף. ווייזט אויס, אז ר׳ שמואל האט נישט געהאט קיין קהלשע שטעל אין שפייער און אז א ריי קהילות האבן אים אונטערשטיצט מיט נדבות. צוליב זיין גרויסער עניוות האט ר׳ שמואל אפילו מקבל באהבה געווען דעם עונש פון ארעמקייט.

אגב הערן מיר פון דער מעשה, אז אין קעלן האט מען דעמאלט פאר אים צונויפגעקליבן אן ערך זיבעציק גולדן, וואס איז בלי ספק געווען א גאנץ שיינע מטבע.

* * *

נר. קס״ג. "ר׳ שמואל חסיד ביי ירמיה הנביא".

אויף זיינע וואנדערונגען צו א מקום־תורה, האט ר׳ שמואל אונטערוועגס געטראפן דריי פרעמדע חברה־לייט, וואס האבן גענומען רשות צו וואנדערן מיט אים בחברותא. זיי האבן זיך פארבלאנדזשעט אין א טיפן, געדיכטן וואלד, נישט ארויס און נישט אריין. אז די נאכט איז צוגעפאלן, האט ר׳ שמואל פלוצים דערזען פון דערווייטנס א קליין, איינגעפאלן הייזל. אינעווייניק האט ער געטראפן "אן אלטן גרייז־גרויען מאן מיט א שניי־ווייסער בארד". דאס איז געווען ירמיה הנביא, וואס זיצט אין דעם פינצטערן וואלד און באוויינט דעם חורבן ירושלים. ער פארבעט ר׳ שמואלן ביי אים איבער צו נעכטיקן און ווארנט אים, אגב, פאר זיינע באגלייטער, וואס זענען גרויסע רשעים און האבן

---

6* A. Neubauer, Mediaeval Jewish Chronicles (Oxford, 1895), II, 112.

אויף אן אמת פארדינט, אז די חיות רעות פון וואלד זאלן זיי פארצוקן. דער זכות אבער פון ר׳ שמואלן האט אויף זיי מגין געווען, אז זיי זענען ניצול געווארן פון טויט. באלד אין דער פרי האט דער מיסטעריעזער נביא געוויזן ר׳ שמואלן און זיינע באגלייטער דעם ריכטיקן וועג ווי ארויסצוקומען פון וואלד. ר׳ שמואל זאגט די לייט דערנאך מוסר און זיי זענען מקבל די תשובה, וואס ער האט זיי געגעבן, אזוי אז זיי האבן זוכה געווען צו עולם הבא. אין זיין לענגערן מוסר־השכל פירט טאקע דער מעשה־דערציילער אויס די וויכטיקייט פון תשובה און לאזט אונדז הערן דעם באקאנטן מאמר חז״ל, אז דארט וווּ עס קען שטיין א בעל־תשובה, קען אפילו א צדיק גמור נישט שטיין [7].

די מעשה געפינט זיך קודם כל אין כ״י אינסברוק נר. 75, וואס איז אידענטיש מיטן מ״ב. ווי מיר האבן שוין אנגעוויזן אין א פריערדיקן קאפיטל (4, העבר. כתב־ידן), האט זיך אין די צוויי העברעישע כ״י דערהאלטן אן אנדערער נוסח. דארט רעדט זיך פון אנהייב פון דער מעשה וועגן א גולם, וואס ר׳ שמואל האט זיך באשאפן און וואס האט אים כסדר באגלייט און באדינט אויף זיינע וואנדערונגען. אבער דער גולם־מאטיוו בלייבט עפעס ווי הענגען אין דער לופטן. די מעשה גייט אן א וועלכן עס איז איבערגאנג אריבער צו דער־ציילן ווי אזוי ר׳ שמואל און זיינע באגלייטער האבן זיך פארבלאנדזשעט אינעם וואלד און איבערגענעכטיקט אין דעם פארכישופטן הייזל, ווו ירמיה הנביא זיצט און קלאגט אויפן חורבן ירושלים.

האבן מיר אין דער מעשה־פלא קודם כל פאר זיך דעם באקאנטן מאטיוו פון א גן־עדן־התחתון. צו זיין כאטש אמאל אין לעבן אין גן־עדן, נהנה צו זיין פון זיין ליכט, פון זיין לויטערקייט און דערהויבענער שיינקייט, איז געווען פון קדמונים די אינסופדיקע גלוסטעניש און בענקשאפט פונעם מענטש, וואס האט צעצונדן מיט טויזנט פלאמען די פאנטאזיע פון פאלק. נאר יחידי־סגולה, ווייס די לעגענדע צו דערציילן, האבן אמאל אין זייער לעבן זוכה געווען אריינצו־שטעלן א פוס אין דעמדאזיקן מיסטעריעזן גן־עדן־התחתון, וואס אט באוויזט ער זיך אמאל אין דער געשטאלט פון א ווונדערלעכן פאלאץ מיט אומצאליקע הדרים, איינער שענער און רייכער פאר דעם אנדערן, אלץ פון גאלד, זילבער און אבנים טובות, און אט איז עס ווידער א באשיידן, ארעם, איינגעפאלן און פארכישופט הייזל, פון וואנען דער העלד קומט תמיד ארויס א צעשטראלטער און א דערלייכטעטער, א בקי אין אלע סודות פון וועלט און געטלעכקייט.

אינעם העברעישן נוסח קומט נאך צו דער גולם־מאטיוו, א מאטיוו, וואס איז געווען, ווי מיר ווייסן, שטארק פארשפרייט אין דער ליטעראטור פונעם אלטערטום און פון קריסטלעכן מיטלעלטער. מיר געפינען אים ביי די פאר־צייטישע שרייבער ווי ציצערא, פלאוטוס און אפולעיוס. לויט א תלמודישער מסורה (סנהדרין ס״ה, ב׳) האט רבא באשאפן א גולם, וואס האט אלץ געקענט

---

[7] פגל. ברכות ל״ד, ב׳ און סנהדרין, צ״ט, א׳.

טאן ווי א מענטש אחוץ רעדן. (פגל. מ. י. ברדיצבסקי, צ. וו. 235, 1). אינעם מיטלעלטער האט באזונדערס געשמט א דאקטער מיטן נאמען ארנאלדוס פון וויללאנאווא [8], וואס האט געלעבט אינעם 13־טן יארה. און זיך פארנומען מיטן באשאפן פון א האמונקולוס.

ביי יידן איז נאטירלעך באקאנט די גולם־לעגענדע פון מהר״ל פון פראג [9]. פון ר׳ שלמה אבן גבירול דערציילט די פאלקס־מעשה, אז ער האט זיך באשאפן א ווייבלעכן גולם, וואס האט ביי אים געדינט אלס משרת. אויך פון בן־סירא ווייסט די לעגענדע צו דערציילן, אז ער האט מיט דער הילף פון ספר יצירה באשאפן א גולם, וואס אויף זיין שטערן זענען געווען אויסגעקריצט די אותיות ״אמת״ [10]. פגל. אויך נאך אונדזער מעשה נר. קס״ח.

* * *

נר. קס״ד. ״א שונא־ישראל שפעט אפ פון ר׳ שמואלן״.

ר׳ שמואל חסיד איז אמאל יום־כיפור געשטאנען אין שפייער פארן עמוד און געדאווענט מיט גרויס כוונה. דאס האט נישט געקענט פארטראגן דער בעל־יועץ פון הגמון, וואס איז געווען א גרויסער רשע, און האט פון אים די גאנצע צייט חוזק געמאכט. אז ער האט ר׳ שמואלן פארט נישט געקענט מבלבל זיין אין זיין הייליקער עבודה, האט דער שונא־ישראל פאר גרויס כעס אים געשפיגן אין פנים אריין. אבער דער חסיד איז געשטאנען אומבאוועגט און ממשיך געווען זיין תפילה מיט גרויס דבקות און הייליקער פרייד. אז דער רשע האט דאס דערזען, האט ער אויף אמאל באקומען גרויס חרטה. ער איז טאקע באלד אויף צומארגנס נאך יום־כיפור געקומען צו לויפן צו ר׳ שמואלן און ביי אים מחילה געבעטן. פון אנהייב האט ר׳ שמואל פון אים גארנישט געוואלט הערן, אבער דער שונא־ישראל האט אים אזוי לאנג מצריך געווען און געבעטן טאן יידן א סך גוטס, אז דער חסיד האט אים צום סוף מוחל געווען דעם בזיון. ״דעם אמת געזאגט, האב איך אין מיין הארץ אפגעלאכט פון אייער חוזק״, איז זיך ר׳ שמואל מודה. ווי קען אים דען א בשר ודם דער־נידעריקן, בעת ער שטייט פול מיט הייליקער פרייד, מיט א געפיל פון טיפן בטחון פאר זיין בורא עולם און איז מתפלל צו אים אין דעם דאזיקן פארכטיקן טאג! וואס גייט אים דעמאלט אן דער מרושעדיקער גוי, וואס איז אים מבזה? ער איז אים דאך מבטל אין זיין הארץ כעפרא דארעא!

די מעשה פארענדיקט זיך דערמיט, וואס דער חסיד בעט צו גאט פאר

---

[8] Cf. Martin Delrio, Disquisitionum magicarum libri sex. 91, 1, 5, 2, 3. (Köln, 1679); HWDA, IV, 286: M. J. bin Gorion, Der Born Judas V, 179 & 305.

[9] נפלאות מהר״ל, קאפ. 12—3;

[10] Ginzberg, Legends, VI, 402.

דעם רשע, אז ער זאל אים מוחל זיין. צום סוף איז זיך דער רשע מגייר און ווערט א גר צדק.

אונדזער מעשה איז אידענטיש מיט נר. 76 אינעם כ״י אינסברוק. דער העברעיִשער כ״י ברילל (נר. 25) דערציילט דיזעלביקע מעשה אבער גאר פון רבי יהודה פון שפייער [10*], — ווידער אמאל א בולטע ראיה פאר די מאטיוון־וואנדערונגען פון דער מעשה. בעצם האט דא דער מעשה־דערציילער אריבערגעטראגן דעמזעלביקן מאטיוו אויף אן אנדערע היסטארישע פערזענלעכקייט. דער שינוי איז קוים קענטיק. דער מאטיוו איז דער גלייכער, געענדערט האבן זיך נאר געוויסע פרטים אינעם סיפור־המעשה, וואס שאפן אזוי ארום אן אינטערעסאנטן וואריאנט פאר דער קאמפאראטיווער פאלקלאר־פארשונג.

אויב מיר פארגלייכן די מעשה־בוך רעצענזיע מיט דעם העברעיִשן וואריאנט, אזוי זעען מיר נישט נאר א שינוי פונעם נוסח נאר אויך א תוכיקן שינוי. בשעת אין אונדזער רעצענזיע איז ר׳ שמואל א קשה לכעוס, שווער צו דערצערנען, איז שוין ר׳ יהודה גאר פון אן אנדערן האלץ געשניצט. ער איז, זעט זיך אויס, א ייד א כעסן און לאזט טאקע דעם דם־שונא גוט אפשמייסן (״וצוה רבינו יהודה להכות את הגלח״, — דא איז דער שונא ישראל נישט דער בעל־יועץ פון הגמון, נאר א גלח!). ווי אנדערש קלינגט אבער די חסידישע מעשה פון ר׳ ליבערן און דעם דוכוס [11]. מיר האבן דא ווידער אמאל צו טאן מיט דעם גלייכן מאטיוו, וואס איז אפנים מגולגל געווארן פונעם מיטלעלטערלעכן שפייער קיין מיזרח־אייראפע פונעם 18־טן יארהונדערט. אין דער חסידישער מעשה שטייט ר׳ ליבער אויפן פרייען פעלד אונטער א בוים און דאוונט מנחה. גראד פארט פארביי דער דוכוס אין זיין קאטש און דערזעט דעם ייד ווי ער שטייט שטארק פארטאן אין זיין תפילה. ער שרייט, ער זידלט אים, אבער ר׳ ליבער ענטפערט נישט. ווערט דער דוכוס מלא כעס און שלאגט ר׳ ליבערן מכות רצח מיט דער בייטש. אבער ר׳ ליבער גיט אפילו נישט קיין קרעכץ און איז נישט מפסיק זיין תפילה. ערשט ווען ער האט אפגעדאוונט, גייט ער צו צום דוכוס, פארנייגט זיך און זאגט צו אים: ״ברודער מיינער, וואס האסטו פריער ביי מיר געוואלט פרעגן? אצינד בין איך גרייט צו ענטפערן אויף דיינע פראגעס!״ ער איז אים שוין מוחל מלכתחלה דעם בזיון און רופט אים ״ברודער מיינער״. וואס פאר אן אונטערשייד אין דעם גייסטיקן קלימאט פון דער מעשה לגבי אונדזער מעשה פון שפייער! דא קלינגען אונדז אנטקעגן גאנץ אנדערע טענער. אין דער אמתן האט ר׳ ליבער גאר שטארק רחמנות אויף דעם דוכוס, וואס גאט האט אים ״אויסגעקליבן צו זיין זיין ווערקצייג צו שלאגן

---

[10*] אפשר האבן מיר טאקע דא א מעשה פונעם גדול פון שפייער רבי יהודה בן קלונימוס (הריב״ק), וואס האט געלעבט א דור שפעטער נאך ר׳ שמואלן און איז געווען א תלמיד פון זיין זון רבי אברהם?

[11] א. רעכטמאן, יידישע עטנאגראפיע און פאלקלאר (1958), ז. 57 (נר. 7).

א מענטשן און דורך דעם פארשאפן אים יסורים". וויפיל טיפע, לויטערע הומאניטעט שיינט ארויס פון אט דער חסידישער מעשה, מיט וויפיל אמתער נשמהדיקער דערהויבנקייט האט די פאלקס־מעשה ארומגענומען די ליכטיקע געשטאלט פון ר׳ ליבערן, וועגן וועמען דער בעל־שם זאל האבן געזאגט: "עס זענען פאראן צדיקים וואס זענען זוכה צו גילוי אליהו, ביי ר׳ ליבערן אבער איז פארקערט, אליהו איז זוכה צו גילוי ר׳ ליבער!"

* * *

נר. קס"ה. "ר׳ שמואל איז מבטל א גזר־דין".

די מעשה, וואס געפינט זיך סיי אין די העברעישע מקורים (ברילל נר. 10 און פראנקפורט נר. 8) און אויך אין כ"י אינסברוק נר. 77, דערציילט מיט פאלקסטימלעכער פשטות ווי אזוי ר׳ שמואל מיט זיין ווייב, די צדיקת, האבן מיט תפילה און תעניתים מבטל געווען א גזירה רעה אויף א כלל יידן.

דער מאטיוו פון דער מעשה איז אויך זייער פארשפרייט אינעם יידישן פאלקלאר. פון הימל איז מען מגלה דעם צדיק הדור, אז עס גרייטן זיך שווערע גזירות אויף יידן. אדאנק זיין תפילה איז דער צדיק מבטל די גזירה.

פאר דעם מאטיוו איז אגב כאראקטעריסטיש דער סוף פון דער יידישער מעשה:

| מעשה בוך | כ"י אינסברוק |
| --- | --- |
| אלזו וואר דיא גזירה מיט דער הילף הש"י גאנץ באטיל (!) דורך דען חסיד אונ׳ זיין ווייב מיר (מיט) אירי גרושי תפילה, דיא זיא בייד הטן גיטאן. הקב"ה זול אונש נאך אלי טאג איר גרושן זכות צו אליר צייט לאזן גיניסן. אמן. | אונ׳ אזא וואר די גזירה אויף דיא ק"ק שפייאר ור שטוירט אום דיט חסיד אונ׳ זיינש ווייב תפלה ווילן. אזו סתם זולן אלי בויזן זאכן פון כל ישראל אך פויר שטוירט ווערן. אמן. |

* * *

נר. קס"ו. "דער כוח פון דער תורה".

ר׳ יודא איז ביז צו זיינעם אכצעגטן לעבנס־יאר געווען א "לופץ", א ליידיקגייער און אן עם־הארץ. ער איז טאג־און־נאכט ארומגעלאפן מיט זיין פייל און בויגן און כסדר געשאסן. דערפון האט ר׳ שמואל געהאט גרויס עגמת־נפש, ביז אין איין שיינעם העלן טאג האט ער מיטן כוח פון שם־המפורש געבראכן זיין ווילדקייט. דאס גאנצע בית־המדרש איז געווארן אנגעפילט מיט א גרויס ליכט און דעמאלט האט ר׳ שמואל געוווסט, אז עס איז געקומען דער שעת הכושר, און אז פון איצט אן וועט זיין ר׳ יודא אלעמען אריבעריאגן אין תורה און וועט וויסן מער פון די אנדערע וועגן דעם, וואס עס טוט זיך אויבן

אין הימל און אונטן אויף דער ערד. עס האט טאקע גארנישט לאנג געדויערט און ר׳ יודא איז אויסגעוואקסן א כלי מפואר, הן אין נגלה און הן אין נסתר.

די מעשה געפינט זיך אויך אין כ״י אינסברוק נר. 81 און אין כ״י ברילל נר. 22. דער סוף איז אין כ״י אינסברוק א לענגערער. דא רעדט זיך מער באריכות וועגן דער גרויסקייט פון ר׳ יודאן מיט אן אנצוהערעניש אויף די מעשות פון ר׳ יודאן, וואס וועלן נאך קומען. ווי תמיד איז אויך דא דער העברעישער נוסח קירצער. ער פארענדיקט מיט אט דער פשוטער שורה: ״ולמד ושימש לאבא עד שנעשה אדם גדול בתורה ובמעשים טובים״.

| כ״י אינסברוק | מעשה בוך |
| --- | --- |
| ...אונ׳ ווארד איין גרושר הער אין דער תורה, אז מיר גישריבן ויגדן. אונ׳ ער טעט ויל וואונדר אונ׳ צייכן אין זיין טאגן. אונ׳ דא ער שטארב דא | אונ׳ ווארד אויש אים דער הער רבי יודא חסיד, דש איר איצונדר נאך וואנדר ווערט פון אים הערן. |

ווארד ער ביגראבן אויף דיש בית החיים צו ק״ק רעגנשפורג. הקב״ה לוש אונש אך זיין זכות גיניסן. אמן סלה.

דער מאטיוו פון ״נתגלה ווערן״ איז זייער א פארשפרייטער אין דער אלגעמיינער און אין דער יידישער לעגענדע. עס איז תמיד דער גייסטיקער ריז, וואס איז די גאנצע צייט געווען א נחבא אל הכלים, קיינער ווייסט פון אים גארנישט, אבער וואס ווערט מיט אמאל נתגלה. ביז צו זיין אנטפלעקונג איז ער א פראסטאק, א פרא־אדם און אן עם־הארץ. באקאנט איז די מעשה פון רבי עקיבאן, וואס איז אין זיין יוגנט געווען א פאסטעך און אן עם־הארץ [12]. אן ענלעכע מעשה ווערט אויך דערציילט פון רמב״ם [13]. אויך ר׳ ישראל בעל־שם־טוב איז פון אנהייב געווען א נחות־דרגא, א בור און א קל, און נישט געקאנט לערנען. ער איז געווען א בעלפער, א דרדקי־מלמד און שפעטער גאר א שמש אין בית־המדרש. פאר זיין שוואגער ר׳ גרשון קוטעווער פארשטעלט ער זיך פאר א גראבן יונג, שוין גארנישט קיין בר־דעת [14].

פון אלבערטוס מאגנוס, איינער פון די גרויסע געלערנטע און סכאלאס־טיקער פון דעם קריסטלעכען מיטלעלטער און א לערער פון טאמאס פון אקווינאָ, ווייסט די לעגענדע צו דערציילן [16], אז מלכתחלה איז ער געווען א גרויסער פראסטאק און א גראבער יונג. האט ער אמאל מיט כוונה תפילה געטאן און אן איבערנאטירלעך ליכט איז אראפגעקומען פון הימל און אים אנגעפילט מיט חכמה און קדושה. ענלעך איז די ענגלישע לעגענדע פונעם

[12] כתובות, ס״ב, ב — ס״ג, א.

[13] פגל. שלשלת הקבלה, ז. 35 א; מעשה נר. 39 אין כ״י ברילל: מעשה ברבי משה בן מיימון שהיה יותר מעשרים שנה שלא למד אפילו אות אחת...

[14] שבחי הבעש״ט, י״ז.

[16] G. F. Hertling, Albertus Magnus, (1880), 16.

דיכטער קעדמאן (Caedmon), וואס האט געלעבט אינעם 7־טן יארה. ער איז געווען כל ימיו א פאסטעך און דערצו א בור. ערשט אויף דער עלטער איז ער דורך אן אקט פון געטלעכער התגלות באשאנקן געווארן מיט א שאפערישן כוח און אנגעהויבן צו דיכטן רעליגיעזע לידער, וואס זענען געווארן א שם־דבר אין דער אלט־ענגלישער ליטעראטור.

אויף דעם קולטורגעשיכטלעכן באטייט פון אונדזער מעשה האט שוין שטיינשניידער [17] אנגעוויזן, און צונץ [18] באמערקט, אז עס זענען פאראן געווען יידן אינעם מיטלעלטער, וואס האבן זיך באנוצט מיט וואפן נישט נאר בשעת א מלחמה, נאר אויך אויף געיעגן.

* * *

נר. קס״ז. ״דער חסיד און דאס לעמעלע״.

אויף דער גאס אין אלטן רעגענסבורג טרעפט ר׳ יודא דעם ראש־עירן, ווען עס לויפט נאך א קליין לעמעלע און האלט אין איין מעקען. פרעגט דער ראש־עירן דעם חסיד וואס דאס האט צו באטייטן. האט אבער דער חסיד מלכתחלה מורא אים מגלה צו זיין דעם סוד. אבער דער ראש־עירן בעט אים אזוי לאנג און זאגט אים צו, אז ער האט גארנישט וואס מורא צו האבן, דעמאלט זאגט צו אים דער חסיד: זאלסט וויסן, אז בשעת דו געפינסט דיך אין דרויסן אויף דער גאס, ליגט א פרעמדער מאן מיט דיין ווייב. דערפאר טאקע מעקעט דאס לעמעלע אזוי שטארק. און אזוי ווי דער חסיד האט געזאגט איז טאקע געווען. דער ראש־עירן האט פון דעמאלט אן דעם חסיד זייער בכבוד געהאלטן און אים געגעבן א שיינע מתנה אלס א באלוינונג.

דער מאטיוו פון דער מעשה איז אויך דא פונקט אזוי ווי אין די אנדערע מעשות, אז דער צדיק ווייסט פון אלץ. פאר אים איז גארנישט פארהוילן.

די מעשה איז נאך פאראן אין כ״י ברילל נר. 35 און אין די צוויי יידישע כ״י יאפע נר. 5 און אינסברוק נר. 79. בשעת מ״ב רעדט וועגן דעם ראש־עירן (דעם בירגערמייסטער), רעדן די ביידע כ״י פון אייגעם ״אויז דער עצה״ אדער אן ״ערון״, ד.ה. א ראטמאן, וואס איז דערצו נאך א גרויסער רשע. ביי בריללן איז דאס גאר סתם א גוי. א ווייטערדיקן אפנייג האבן מיר נאך צו פארצייכענען אינעם כ״י אינסברוק. דארט קומט דער חסיד גראד ארויס מיט זיינע בחורים פון דער שול, און איז נאך צום סוף מוסיף, אז דער מרושעדיקער ערון ״וואורד דר נוך ורום אונ׳ ווער קיין רשע מין״. ווי געוויינטלעך איז אויך דא דער העברעישער נוסח קירצער. לויט דער ווערסיע פון אונדזער מ״ב און כ״י יאפע ״האט ער דעם חסיד געשענקט א סך געלט אלס א באלוינונג, ווייל ער האט אים אויסגעזאגט דעם אמת״. דאס מ״ב גיט נאך צו, אז דער ראש־עירן ״וואר אך זער גוט גיווארדן פר יהודים״.

---

[17] M. Steinschneider, Serapeum, 1866, p. 8.
[18] L. Zunz, Zur Geschichte und Literatur, p. 175.

אינעם ספרל ״נסים מן השמים״ (מעשה א׳) ווערט דערציילט פון ר׳ חיים בן עטר, דעם מחבר פון ״אור החיים״, אז אמאל האט זיך דער מלך פון די טערקן פארשטעלט און צו אים געקומען פון קאנסטאנטינאפל קיין ירושלים, כדי אויסצופרווון זיין מזל. דער ״אור החיים״ האט אים אבער באלד דערקענט און בשעת זייער שמועס אים געוויזן אין א שפיגל, ווי זיין ווייב, די מלכה, איז בשעת מעשה מזנה מיטן שני למלך. אין זיין גרויסן כעס האט דער מלך געשאסן אין שפיגל אריין און דעם שני למלך אויפן ארט דערהרגעט. אויף אזא אופן האט ר׳ חיים מציל געווען די עדה יידן אין קאנסטאנטינאפל פון אן עלילת הדם.

* * *

נר. קס״ח. ״רבי אמיתי״.

די מעשה דערציילט פון א קינד, וואס איז געבוירן געווארן מיט די אותיות ״אמת״ אויף זיין שטערן. ר׳ יודא האט אים דערצויגן און אומעטום, ווו ער איז נאר געגאנגען האט ער דאס יינגל מיטגענומען. דאס יינגל האט אים געטריי געדינט ווי א דינער זיין האר. שפעטער איז ער געווארן א גרויסער תלמיד־חכם און האט געהייסן ר׳ אמיתי.

אפשר האבן מיר דא צו טאן מיט א פאראלעלן נוסח פון דער מעשה פון ר׳ שמואל און דער גולם, ווי מיר געפינען דאס אינעם כ״י ברילל נר. 14 (זע אויבן אונטער מעשה נר. קס״ג)? ווי מיר האבן שוין ביי דער געלעגנהייט דערמאנט, דערציילט די לעגענדע וועגן בן־סיראן, אז ער האט באשאפן א גולם, וואס האט געהאט אויסגעקריצט אויף זיין שטערן די אותיות ״אמת״, פונקט אזוי ווי אויף אדם הראשונס שטערן. (אגב, איז דער חותם פון גאט אמת, פגל. יומא, ס״ט, ב׳). א וואריאנט פון דער בן־סירא לעגענדע געפינען מיר אויך אין דעם ספר הקנה (אויסגאבע קארעץ), ז. ל״ו, א׳.

* * *

נר. קס״ט. ״א שבת אין גן־עדן״.

ר׳ יודא חסיד וויל חתונה מאכן זיין טאכטער און זוכט איר אויס א חתן, א בחור א ווילדלערנער מיטן נאמען ר׳ חנינה. מען רעדט אפ דעם זמן חתונה, אבער אינצווישן גייט דער חתן אוועק לערנען אויף אן אנדער ישיבה, ווי דאס איז דעמאלט געווען דער שטייגער. ער זיצט דארט אפ פולע צען יאר און לערנט מיט גרויס התמדה, ביז אין איין שיינעם העלן טאג דערמאנט ער זיך וועגן דעם אפגערעדטן זמן־חתונה. די חתונה דארף פארקומען זונטיק, און דא איז שוין פרייטיק, טאקע ערב־שבת און ער איז נאך א מהלך רב פון רעגענס־בורג. איז זיך ר׳ חנינה שטארק מצער, ווייל ער וועט דאך נאך חלילה פארשעמען א יידישע טאכטער. ווי וועט ער נאר באווייזן אנצוקומען אהיים ביי צייטנס, כדי צו פירן זיין כלה אונטער דער חופה? אבער ר׳ חנינה איז

פונדעסטוועגן ביי זיך נישט געפאלן, ער האט בטחון. מיט דער ברכה פון ראש־ישיבה און צוזאמען מיט פופציק בחורים, וואס זאלן אים באגלייטן (א חתן־בחור גייט נישט ארויס אליין), לאזט ער זיך ערב־שבת אין וועג אריין.

ווערט אבער אין אט דער מעשה, ווי עס איז אפט דער שטייגער פונעם פאלקס־דערציילער, אריינגעפלאכטן א צווייטער עפיזאד, א מעשה בתוך מעשה, וואס איז בעצם דער עיקר פון דער פאבולע, מיט דעם באקאנטן מאטיוו פון גן־עדן התחתון. ר׳ חנינהן, דעם הויפט־העלד פון דער מעשה, טרעפן זיך אונטערוועגס א סך וואונדערלעכע און אויסטערלישע זאכן. ער פארבלאנדזשעט זיך און פארלירט די פופציק בחורים. עס איז ערב־שבת ביי זון־פארגיין און אונדזער העלד איז עלנט און אליין. אבער באלד שטייט ער פאר א פארכישופטן פאלאץ און ווי א סך העלדן פון דער פאלקס־מעשה, איז אויך ר׳ חנינהן באשערט צו פארברענגען א שבת אין גן־עדן, וואס געפינט זיך עפעס ערגיץ־ווו אין א פארבארגענעם ווינקל, אין א טיפן, פינצטערן וואלד, — א זכיה צו וואס נישט יעדער איינער איז זוכה. דארט קומט ער זיך צונויף מיט די אבות, מיט משה רבינו, אהרון הכוהן, ירמיה און אליהו הנביא — אלץ גוט־באקאנטע רעקוויזיטן פון דער יידישער אגדה.

דער סטיל איז תמימותדיק ביז גאר. עס פילט זיך אבער דער הייסער אטעם פון דעם דערציילער, בשעת ער נעמט זיך אויסמאלן מיט רייכע און לייכטנדיקע פארבן די פראכט פונעם ערדישן גן־עדן, וואס האט מסתמא ארויס־גערופן אומענדלעכע דערשטוינונג און גרויס אנטציקונג ביי די לייענער. עס איז א פארכישופטער פאלאץ (אפשר נישט אזוי פרעכטיק ווי די לעגענדארישע פאלאצן פון דער קריסטלעכער וועלט, וואס ליגן ערגיץ־ווו אויף א גלאז־בארג און ווו דער הייליקער גראל איז פארבארגן), דערפאר אבער יידישלעך־פאלקס־טימלעכער, פשוטער און באחנטער און דעריבער טאקע אונדז נענטער צום הארצן. אין אט דעם פאלאץ זענען פאראן א סך חדרים, איינער שענער, וווּנדערלעכער פון דעם אנדערן. אלצדינג איז דארט פון זילבער און גאלד און פון איידל־געשטיין. ביינאכט לייכטן אין די חדרים טייערע גארפונקל־שטיינער, וואס פארשפרייטן א ליכט, וואס איז העלער ווי דאס טאג־ליכט פון דער זון. דאס בעט אויף וועלכן ר׳ חנינה שלאפט איז געמאכט פון זילבער און דאס בעטגעוואנט פון פיינסטן זייד, באשטיקט מיט טייערע פערל. די לויג מיט וואס דער שמש צוואגט אפ ר׳ חנינהן ערב־שבת פארן שול־גיין, שמעקט מיט די פיינסטע ריחות פון גן־עדן. שבת ביים דאווגען הערט ער קולעכלעך, וואס זענען רייגער און לויטערער פון ״די ארגלען און פייפלעך״. די מאכלים, וואס אונדזער העלד באקומט שבת צו עסן זענען אמתע מעדני מלך און די וויינען שמעקן מיט אייטל בשמים. דער זקן, וואס לערנט מיט אים תורה א גאנצן שבת איז נישט קיין אנדערער ווי ירמיה הנביא און דער שמש — אליהו הנביא.

זונטיק פארטאגס לאזט זיך ר׳ חנינה ווידער אין וועג אריין. ער טרעפט

די פופציק בחורים (נאטירלעך דערציילט אונדז די מעשה נישט וואס עס איז מיט זיי געשען איבערן שבת. דאס איז דאך די מעשה נישט אויסן. זי איז דאך נאר אינטערעסירט אין דעם יחיד, דעם ליבלינג און איר העלד!) און באלד לאזט זיך אראפ א וואלקן, וואס טראגט זיי אלעמען גיך אוועק קיין רעגענסבורג. נאטירלעך קומען זיי נאך אן ביי צייטנס פאר דער חופה. פארשטייט זיך, אז די שמחה איז ביי אלעמען געווען זייער גרויס און מען האט געפראוועט די חתונה מיט א סך פאראד און פייערלעכקייט.

די מעשה געפינט זיך נאר אין די יידישע מקורים, און כ״י אינסברוק נר. 96 איז אחוץ קליינע שינוים אידענטיש מיטן מ״ב. דער סוף פון דער מעשה איז אין כ״י אינסברוק נאטירלעכער און קירצער, בעת מ״ב האט דא, ווי אזוי אפט, א ריי דערקלערערישע גלאסן, וואס זענען אין גאנצן איבעריק.

אויך קולטור־היסטאריש איז די מעשה פאר אונדז ביז גאר אינטערעסאנט. מיר האבן אין איר אן אפקלאנג פונעם דורות־אלטן לעבנס־שטייגער, פון משפחה־לעבן און שמחות, פון תורה־לערנען און דעם טאג־טעגלעכן משא ומתן, פון מנהגים און איינגעווארצלטע גלייבונגען, — הקיצור, לעבעדיקע, צאפלדיקע שטיקער פון דער אמאליקער יידישער ווירקלעכקייט.

גאסטער [19] פירט אויס אין זיין הערה, אז מיר האבן דא צו טאן מיט א דייטש פאלקס־מעשהלע, וואס אין דעם איז גארנישטא קיין ספעציפיש יידישע זאך, הגם די הויפטהעלדן זענען ר׳ יודא חסיד און זיין איידעם ר׳ חנינה. אגב, זאל דא באמערקט ווערן, אז דער יידישער מעשה־דערציילער האט א פארליבע פאר דעם נאמען ר׳ חנינה, וואס קומט אויך פאר אין א ריי אנדערע מעשות. מען קען אבער מחולק זיין מיט גאסטערס מיינונג, היות ווי מיר האבן גראד דא אן א שיעור באזונדערקייטן און פרטים, וואס לייגן דווקא ארויף אויף דעם מעשהלע זיין יידישן חותם. גאסטער האט דאס אפנים נישט געזען און געפסקנט לחומרא. הגם מיר פארמאגן אין דער מעשה א ריי דערציילערישע עלעמענטן, וואס זי האט זיך בלי ספק אויסגעבארגט פון דער פרעמד (אפשר טאקע גאר פון דער קריסטלעכער פארסיוואל־סאגע, פון דעם ריטער וואס איז ארויס זוכן דעם הייליקן גראל), איז אבער די מעשה אין איר תוך א יידישע. און צוריק־געשמועסט, וועלכע פאלקס־מעשה האט דאס אפגעהיטן איר אבסאלוטע ריינקייט, וואס האט נישט אויסגעבארגט אמאל א סוזשעט אדער סתם א מאטיוו פון דער פרעמד און אים קונציק פארוועבט אין איר אייגנארטיקער, פאלקס־טימלעכער שאפונג? אויב דער לאקאלער קאלאריט איז דא צו ביסלעך א דייטשער, טא זאל מען נישט פארגעסן, אז אונדזער מעשה, ווי כמעט אלע איבעריקע מעשות אין דעם שבחים ציקל, איז אויסגעוואקסן אויף דעם דייטש־יידישן באדן און שפילט זיך טאקע אפ צווישן די מיטלעלטערלעכע יידן אין דייטשלאנד. דער עצם סיפור־המעשה — א שבת אין גן־עדן — מיט דעם

---

[19] צ.וו. צו נר. 169 (2, ז. 687).

גאנצן סאציאלן, גייסטיקן און פרום־יידישלעכן הינטערגרונט און לעבנס־שטייגער, איז בלי ספק אן עכט יידישער. עס איז א שטיק יידיש לעבן, פרום און גלייביק, ציכטיק און ריין, פונעם ווייטן עבר. דער צעפלאמטער כוח הדמיון פון פאלק, זיין נוסח און שטייגערישקייט רעדט בולט ארויס פון יעדער שורה פון אונדזער באחנטער מעשה.

עס איז כדאי דא צו דערמאנען, אז א שפעטערדיקער וואריאנט דערציילט ווי אזוי דער מקובל ר' שלום בוזאגלו, דער מחבר פון "מקדש מלך" האט אמאל פארבראכט א שבת אינעם גן־עדן. נאך לאנגע וואנדערונגען אין א פינצטערן װאלד, דערזעט דער העלד מיט אמאל פאר זיך שטיין א הערלעכן פאלאץ, וואס זיינע טירן האבן געבליצט ווי די טייערע איידל שטיינער. אלצדינג איז דארט געווען פון גאלד און אבנים טובות. די ווענט פון דער שול, ווו אונדזער העלד האט שבת געדאוונט, זענען געווען פון די טייערסטע איידלשטיינער און האבן געפינקעלט מיט כלערליי פארבן ווי די שטערן אויפן הימל. דער זקן, וואס איז דארט געזעסן, איז געווען אברהם אבינו און דער שמש — זיין קנעכט אליעזר. ("שבת קודש אין גן עדן", ווילנע, 1897) [20].

נאטירלעך געפינען מיר אין אונדזער מעשה פון ר' חנינהן א ריי מאטיוון און רעקוויזיטן, וואס זענען דער קנין פון פאלקלאר בכלל, און וואס זענען פונקט אזוי אין דער היים ביי יידן ווי ביי די אומות העולם. לאמיר זיך דא אפשטעלן אויף עטלעכע כאראקטעריסטישע מאטיוון און ארויסברענגען די פאראלעלן, ווי זיי זענען בנמצא הן אינעם יידישן און הן אינעם אינטער־נאציאנאלן פאלקלאר. אזוי למשל דער מאטיוו פון קפיצת הדרך, וואס האט זיך שוין פון קדמונים קונה שביתה געווען אין דער יידישער לעגענדע. אין אונזער מעשה נידערט אראפ א וואלקן און אין אים גיין אריין ר' חנינה מיט זיינע פופציק בחורים, וואס טראגט זיי גיך אוועק קיין רעגענסבורג [21]. האבן מיר אן אלטן כלל, אז אינעם זכות פון צדיק קען אמאל די נאטור ענדערן איר נארמאלן גאנג. אמאל גייט די זון אונטער צו פרי ביי יעקב אבינו און אן אנדערט מאל בלייבט זי שטיין אין גבעון, כדי יהושע זאל קענען פארניכטן די לעצטע רעשטלעך פון זיינע שונאים. געפינט זיך דער צדיק אונטערוועגס, איז דער וועג צו לאנג אזוי אז ער וועט נישט באוויזן אנצוקומען אין צייט, אדער טאמער געפינט ער זיך אין א סכנה, געשעט אים דער נס פון קפיצת הדרך. די ערד "שפרינגט אים אנטקעגן", דער וועג ווערט קירצער און דער העלד קומט צו זיין ציל ממש בליץ געשווינד. אזא מין קפיצת הדרך האבן

---

[20] פגל. מ. י. ברדיצבסקי, צ.וו. II,157 ; בין גריון, צ.וו. 308 & VI,52. אגדות הארץ, קע"ט, 2.II.

[21] זאל דא דערמאנט ווערן, אז לויט דער תלמוד־לעגענדע איז א טייל פון די עשרת השבטים געווארן אוועקגעטראגן אויף א וואלקן. ירוש' סנהדרין c 10,29 ; גינזבערג, צ.וו. VI,408 א צווייטער מדרש זאגט, אז יידן וועלן קומען פון אלע עקן וועלט קיין ירושלים אויף וואלקנעס מתפלל צו זיין שבת און ראש חודש (פסיקתא רבתי, א' ב).

געהאט לויט דער אגדה יעקב אבינו, אליעזר דער קנעכט פון אברהם און אבישי בן צרויה, איינער פון די העלדן פון דוד המלך [22]. ר׳ חיים וויטאל, דער צפתער מקובל, זאגט ארויס א שם, וואס טראגט אים געשווינד אוועק אין א פרייטיק פון צפת קיין דמשק. אן אנדערע לעגענדע דערציילט, אז ער האט אמאל אין א פרייטיק געמוזט אנטלויפן און געהאט קפיצת הדרך, כדי ער זאל נאך אנקומען פאר שבת קיין ירושלים. אזוי ווערט אויך דערציילט פון רמב״ן, וואס האט זיך מיטן כוח פון שם המפורש אמאל געלאזט אויף א שיף אן א מאנשאפט פון בארצעלאנא אין א וייטן ים־וועג און איז באותו רגע ווידער צוריקגעקומען צום פארט פון דער שטאט. די מעשה האט אומעטום, סיי ביי יידן און סיי ביי גוים, גיט דער דערציילער צו, ארויסגערופן א גרויסן חידוש [23]. אין ספר ״מעשה נסים״ (נר. ז.) פליט ר׳ אלעזר רוקח ערב פסח אויף א וואלקן לשם מצווה צום רמב״ן קיין שפאניע. אויך ר׳ ישראל בעל־שם־טוב האט אפט געהאט קפיצת הדרך. אמאל איז ער אין איין נאכט אנגעקומען פון פויזן קיין בראד (״סיפורי צדיקים״, ווילנע, 1909, ז. 34).

אזוי פליען אויך די ליבלינגן פון דער אינטערנאציאנאלער מעשה, דער אויף אן אדלער, דער ווידער אויף א כישוף־טעפעך צי גאר אויף א וואלקן אין די ווייטסטע מקומות. דער מאטיוו איז אויך ווייט פארשפרייט אין דער איב־דישער, איסלאמישער און אויך אין דער קריסטלעכער לעגענדע. א כישוף־טעפעך האט געהאט, לויט דער איסלאמישער לעגענדע, שלמה המלך און אויף אים געפלויגן אין דער לופט צוזאמען מיט זיינע גיבורים. פון אינדיע הערן מיר נאך פון פליענדיקע געטער און זייערע ליבלינגן [24]. אזוי מאכט אויך אין דער קריסטלעכער לעגענדע יאהאננעס קאלאבאס (Johannes Kolobos) א ווייטע נסיעה אויף א וואלקן. דער הייליקער מוציוס (Mucius) האט אפט געהאט קפיצת הדרך און איז אין משך פון א קורצער צייט אנגעקומען אין די ווייטסטע געגנטן [25]. צעזאריוס פון הייסטערבאך דערציילט פון א קרייצפארער, וואס א מיסטעריעזער ריטער האט אים ארויפגעזעצט אויף זיין פערד און אים אין משך פון א שעה־צייט אוועקגעטראגן פון ירושלים קיין ליעזש [26].

אויך דער גן־עדן־התחתון מאטיוו איז א בשותפותדיקער עלעמענט פון דעם אינטערנאציאנאלן פאלקלאר. שוין פון קדמונים האבן מענטשן געפרוווט צו דערגיין דעם סוד, וווּ דער גן־עדן געפינט זיך. כל המיני פאנטאסטישע מע־שות דערציילן ווי אזוי דער העלד פון דער מעשה לאזט זיך אין וועג ארייַן זוכן דעם ערדישן גן־עדן. דער מיטלעלטערלעכער מענטש האט געגלייבט, אז אט געפינט ער זיך ערגיץ־וווּ העט ווייט אויף אן אויסטערליש־הויכן בארג, צי גאר

[22] סנהדרין, צ״א, א׳.

[23] שלשלת הקבלה (ווארשע, תרפ״ח), ז. 25.

[24] P. Toldo, Leben und Wunder der Heiligen im Mittelalter, 7,79 ff; cf. H. Günter, Die christliche Legende des Abendlandes (1910), p.104.

[25] E. Lucius, Die Anfänge des Heiligenkults (1904), p. 380 f.

[26] Cf. Günter, op. cit. p. 104.

אונטערן ים אדער אונטער א געוויסן טייך, אדער אין פינצטערע, וויסטע וועלדער, וווּהין קיין מענטש איז נאך קיינמאל נישט דערגאנגען. נאר יחידים, די אויסדערוויילטע פון דער פאלקס־פאנטאזיע האבן זוכה געווען דארט אריינ־צוקומען און זענען צוריק ארויס לעבעדיקערהייט. איינער פון זיי איז געווען לויט דער תלמוד־מסורה ר׳ יהושע בן לוי [27]. איינע פון די עלצטע קריסטלעכע לעגענדעס (פון בערך דעם 5־טן יארה.) דערציילט פון דריי מאנאכן טעאפילוס, סערגיוס און היגינוס, וואס האבן זיך פון מעסאפאטאמיע אוועקגעלאזט זוכן דעם ערדישן גן־עדן. נאך לאנגע וואנדערונגען קומען זיי צום סוף אין א לאנד פון א העלער ליכטיקייט און פול מיט זיסע ריחות. פאר זייערע אויגן שטייט א קלויסטער פון לויטער קריסטאל. אין א הייל, וווּהין זיי זענען אריינגעגאנגען, האבן זיי געפונען א גרייז־גרויען זקן, וואס האט מיט זיי גערעדט און זיי דערנאך צוריקגעשיקט אהיים [28]. קלינגט אויך דא אן דער מאטיוו פון א מיסטעריעזן תורה־לערנען אין די פארכישופטע גן־עדן פארבארגענישן, פון וואנען דער העלד, וואס האט זוכה געווען דארט אמאל אריינצוקומען, גייט ארויס א בקי אין נגלה און אין נסתר.

ווידער אמאל דערשיינט דער גן־עדן התחתון אין דער געשטאלט פון א פארכישופטן קליין, איינגעפאלן הייזעלע אין מיטן וואלד. על־פי־רוב איז דארט פונקט קיינער נישטא, ווען דער העלד קומט אריין, אדער די באוווינער זענען גאר אנטשלאפן. טיילמאל געפינט זיך דארט א מיסטעריעזער זקן, וואס גיט זיך דערנאך צו דערקענען צו דעם העלד און איז אים מגלה די סודות פון דער תורה.

לויט דער פאלקס־פארשטעלונג איז אין גן־עדן אלצדינג אזוי ווי ביי די מענטשן אויף דער ערד. עס איז דערזעלביקער שטייגער־לעבן, די גלייכע מנהגים און תפילות, די שטובן און בעטן (נאר אביסל רייכער און פרעכטיקער), די מאכלים און געטראנקען. מען עסט שבתדיקע סעודות, מען פארטרינקט מיט טייערע יין־המשומר וויינען, מען לערנט תורה, דאוונט בציבור און מען רופט אויף צו עליות די אבות און די היסטארישע פערסאנאזשן פון יידישן עבר. די נגינה שבת ביים דאוונען איז די שענסטע און לויטערסטע, וואס א מענטשלעך אויער האט ווען עס איז געהערט. אינטערעסאנט איז נאר, אז אונדזער רעצענזיע, וואס איז אזוי פינקטלעך אין איבערגעבן אלע פרטים פון א שבת אין גן־עדן, דערמאנט נישט מיט קיין ווארט די דריטע שבתדיקע סעודה, דעם שלוש־סעודות. יא, מען דאוונט מנחה און ביז עס קומט די צייט פון מעריב און הבדלה, לערנט מען דערווייל תורה. ערשט א שפעטערדיקע אויסגאבע (אזוי למשל די אמסטערדאמער אויסגאבע פון ״אלירלייא גשיכטי״, 1723) האט געמאכט די נייטיקע קארעקטור. לייענען מיר טאקי דארט: ״... דא עסטן זיא מיא אננדר

[27] כתובות ע״ז, ב. ; מעשה דר׳ יהושע בן לוי, 48/9.

[28] Franz Kampers, Die deutsche Kaiseridee in Prophetie und Sage (1896), p. 79; cf. HWDA, VI, 1450.

שלש סעודות אונ׳ רידטן אויש דער תורה״. ערשט נאך הבדלה דרייט זיך דער זקן אויס צו ר׳ חנינהן און גיט אים שלום, ווייל שבת איז מען זיך נוהג א פרעמדען נישט צו געבן קיין שלום.

פונקט אזוי ווי אליהו הנביא, ווענען די פאלקס־לעגענדע האט געמאכט פאר דעם אייביקן מלאך פון שלום, דעם פארלייפער פון משיחן, לעבט אייביק אין גן־עדן, אזוי לעבן אויך, לויט אנדערע אגדה־מקורים, די אבות און ירמיה הנביא [28*]. דערפאר טאקע טרעפן מיר זיך אן מיטן מאטיוו פון ירמיה הנביא אין גן־עדן התחתון אין אונדזערע מעשות. אט נעמט ער אויף ר׳ שמואלן (נר. קס״ג) און דא ווידער ר׳ חנינהן, דעם חתן פון ר׳ יודא חסיד.

אגב, שטויסן מיר זיך דא אן אין דעם ווייט־פארשפרייטן מאטיוו, אז מתים זענען מתפלל. אין דער פאלקס־מעשה קומען די מתים זיך צונויף אין דער שול נאך חצות, כדי צו דאווגען בציבור און זענען עולה לתורה. אויך די אבות צוזאמען מיט משה רבינו און אליהו אדער ירמיה הנביא זענען מתפלל. אין אונדזער מעשה הערן מיר ווי אליהו הנביא וואשט די הענט פון ירמיהן און זיין גאסט ר׳ חנינהן לכבוד שבת. לויט דער אגדה [29] זענען די אבות מתפלל ראש חודש און אליהו וואשט זיי די הענט איידער זיי שטעלן זיך דאווגען. לויטן פאלקס־גלויבן טארן מתים בשעת דער תפילה נישט מזכיר זיין דעם געטלעכן נאמען, ווייל עס שטייט בפירוש אין פסוק ״לא המתים יהללו יה״ (תהלים, קט״ו, י״ז). דאס איז דער סימן מובהק, אז זיי זענען טויט.

לאמיר נאך צולעצט דערמאנען דעם מאטיוו פון אויסלערנען זיך די תורה כולה און דערצו נאך די שבעים לשונות. דער ליבלינג פון דער פאלקס־מעשה לערנט זיך אויס אויף א מיסטעריעזן אופן, ממש כהרף עין, די גאנצע תורה און דערצו נאך די זיבעציק לשונות און באגלייך די שפראך פון די חיות און פייגל. עס זענען אבער נאר די יחידי סגולה, וואס זענען זוכה דערצו און וואס באקומען אויף אזא אופן די שליטה נישט נאר איבער די מענטשן אין דער וועלט, נאר אויך איבער די באשעפענישן אויף דער יבשה און אין ים.

לויט דער תנכישער מסורה זענען פאראן זיבעציק פעלקער אויף דער וועלט און אזוי ארום דער חשבון פון זיבעציק לשונות. אט די אלע לשונות מוז דער ליבלינג־העלד פון דער מעשה קענען, ווייל אין דעם ליגט זיין אויסערגעוויינטלעכער כוח און אויסצייכענונג. אזוי דערציילט אונדז דער תלמוד [30], אז דער מלאך גבריאל איז געקומען צו יוסף אין דער תפיסה און אים אויסגעלערנט אלע זיבעציק לשונות. אויך שלמה המלך האט געקענט אלע שפראכן, אפילו פון די חיות און פייגל. דעם כוח צו פארשטיין און צו רעדן די שפראך פון חיות האט אויך געהאט מעלאמפוס פון ארגאס, דער העלד פון דער

---

[28*] אין דער קריסטלעכער לעגענדע לעבט דער אפאסטאל יוחנן (יאהאננעס) אייביק.

[29] בבא מציעא, פ״ב, ב.

[30] סוטה, ל״ו, ב.

גריכישער מעשה און זיגפריד פון דער נארדישער סאגע. דעם דאזיקן איבער־נאטירלעכן כוח האט דער איינער באקומען פון א שלאנג און דער אנדער פון א פיפערנאטער. אין א יידיש מעשהלע לערנט לויתן, דער מלך פון די פיש, דעם העלד אויס די שבעים לשונות און די שפראך פון די פייגל (פגל. מ״ב נר. 193; חיבור המעשיות, 32 און מדרש עשרת הדברות, ה, א). אין א צווייט מעשהלע (מ״ב נר. 143) לערנט דער פראש ר׳ חנינהן אויס אלע זיבעציק לשונות און נאך א סך אנדערע חכמות. אמאל איז עס א שלאנג, וואס לערנט אויס דעם יינגן העלד די שפראך פון חיות דערמיט, וואס זי שפייט אים אין מויל אריין[31]. על־פי־רוב איז דאס א באלוינונג פאר דער טובה, וואס דער העלד פון דער מעשה האט אמאל געטאן דער חיה.

אן ענלעכן מאטיוו האבן מיר אויך אין דער מעשה נר. קע״ג. דארט לערנט דער העלד אלע סודות פון דער תורה און די חכמה פון די שבעים לשונות, בשעת ער לעקט אפ מיט דער צונג דאס געשריפטס אויפן זאמד און שלינגט אראפ די געשריבענע אותיות.

* * *

נר. ק״ע. ״דער עונש פאר שערן זיך די בארד״.

דא האבן מיר צו טאן מיט א טיפישער מוסר־מעשה, וואס דערציילט פון דעם עונש פון א ייד, אן עושר, א גרויסער מפונק, וואס האט זיך געשוירן די בארד (דער ווייטערדיקער נוסח איז: די פיאות) און האט אזוי ארום עובר געווען אויף א לאו אין דער תורה פון ״לא תקיפו פאת ראשכם״ (ויקרא, י״ט, כ״ז). פון דער דאזיקער מעשה זאל דער עולם משמעות אפלערנען די הארבקייט פון דער עבירה און זיין געווארנט זי נישט צו טאן.

פאלקלאריסטיש איז אינטערעסאנט, וואס די מעשה לאזט אונדז הערן, אז דער שד, וואס ווערט געשאפן פון עובר זיין אויף דער עבירה הייסט ״פרה״ (די ראשי־תיבות פון לא תקיפו פאת ראשכם ולא תשחיתו = פרות = קי). און דער דערציילער גיט פרום צו, אז דער שד פון דער עבירה פון שעטנז הייסט דער ״שטן״ און לאזט אויס מיט א גאטפארכטיקן מוסר־השכל: ״דער האלבן היט זיך איין איטליכר מענש פאר זעלכיא עבירות״. בעת דער אנהייב פון דער מעשה רעדט וועגן דעם שערן פון בארד, לאזט זיך די מעשה אויס מיט דעם איסור פון אפשערן די פיאות.

די מעשה איז נישט פאראן אין די אנדערע מקורים, אחוץ אין דעם ״ספר הגן״ פון ר׳ יצחק בן אליעזר פון ווארמס (קראקע, 1579), וואס האט אן אנדערן נוסח. שוין דער פאקט וואס די מעשה געפינט זיך אין ״ספר הגן״ און ווערט באנוצט צו דעמאנסטרירן די הארבקייט פון דער עבירה, באווייזט קלאר דעם

31 Bolte und Polivka, Anmerkungen, I,131 ff.; Cf. Gaster, Exempla No. 335 and parallels.

מוסר־כאראקטער פון דער מעשה. בכל אופן, האבן מיר דא צו טאן מיט אן אנדער מסורה, וואס שטאמט פון ר׳ זלמן, דער זון פון ר׳ יודא חסיד. אזוי לייענען מיר אונטער דעם יום רביעי: "ער הוט גיזייט רבי זלמן רבי יהודא חסיד זון. דער לערנט איין מאל צו שפייאר אין דער פרשה פון פיאות, דז אישט מן טור ניט אב שערן מיט דען שער מעשר דיא פיאות... אונ׳ ער זאגט, דער ר"בי זלמן, וויא ער העט גיזעהן איין זקן דער שערט זיך גלט (גלאט) מיט איינן שערלן אב די פיאות, אונ׳ ער ווארט צארט אונ׳ וואר גאר אלט. אונ׳ רבי יהודא חסיד דער וירט (ווערט) אימש אונ׳ ער קערט זיך ניט דארן... דא שפראך רבי יהודא חסיד: דו זאלשט ווישן, אז עש דיר איבל ווערט גיין אין יענן עולם ווען דוא שטירבשט..." ליידער פעלט אינעם באנוצטן עקזעמפלאר פון בריטישן מוזעאום דער המשך פון דער מעשה.

האבן מיר דא, ווי אזוי אפט אין די מוסר־השכלדיקע מעשות, צו טאן מיט דעם באקאנטן "שכר און עונש" מאטיוו. דאס פאלק גלייבט, אז פאר יעדער עבירה, וואס דער מענטש טוט אפ ביים לעבן, באקומט ער זיין פארדינטן עונש נאכן טויט. דער עונש פארן אפשערן זיך די פיאות איז, וואס א געוויסער שד "פרה" האט שליטה איבערן מענטש נאכן טויט. אגב, איז דער ספר חסידים ווי די שפעטערדיקע מוסר־ספרים פול מיט ענלעכע מאטיוון פון א שווערן עונש פאר עבירות, וואס דער מענטש טוט אפ אויף דער וועלט.

דער גלייבן, אז אין די האר פון א מענטש ליגט באהאלטן די געהיימע לעבנסקראפט פון מענטש, און דערפאר זאל מען זיי נישט אפשערן, איז זייער אלט און פארשפרייט ביי א סך פעלקער. מען האט געגלייבט, אז אין די האר זיצט די נשמה, דער רוח־החיים פון מענטש. שניידט מען אפ די האר, טא גייען אויס די פארבארגענע לעבנס־כוחות. קומט נאך דערצו צו א צווייטער פאלקס־גלייבן וואס האלט, אז דער וואס איז אין באזיץ פון די אפגעשניטענע האר פון א מענטש, קען איבער אים האבן א שליטה און אים אנטאן א סך צרות. צוליב־דעם טאקע האט מען כסדר געווארנט, אז מען זאל נישט לאזן ארומליגן קיין אפגעשניטענע האר, נעגל אדג"ל. הערן מיר טאקע פון אונדזער מעשה, אז א שד ווערט באשאפן פון דער עבירה, וואס פייניקט דעם בעל־עבירהניק נאכן טויט.

ווילן מיר אין דעם צוזאמענהאנג דערמאנען א מנהג, וואס יידן לומדים פלעגן באהאלטן האר, וואס זיי האבן זיך ארויסגעריסן פון דער באָרד און פיאות, אין א ספר אדער א גמרא. די דאזיקע האר זענען דערנאך א מליץ־יושר פארן מענטש, ווען ער קומט איבער הונדערט יאר אויפן עולם האמת און זאגן עדות, אז ער האט געלערנט תורה.

אונדזער מעשה געפינען מיר אויך נאך אין איינעם פון די שפעטערדיקע פאלקס ביכלעך, "מעשיות פליאות" (קראקע, 1896), ז. 20—19. אויך מ. י. בין גריון (צ.וו., 331 & 117 ,6) ברענגט די דאזיקע מעשה.

בכלל שפילט דער האר־מאטיוו א וויכטיקע ראלע אינעם אינטער־

נאציאנאלן פאלקס־מעשהלע. אינעם דייטשן מעשהלע (גרים, נר. 29) מוז דאס יינגל ארויסרייסן דריי גילדענע האר פון טייוולס באָרד. די האר האבן א מאגישע ווירקונג. צוליב דעם מיסטעריעזן כוח וואס ליגט אין די האר, האבן זיך אין אלטע צייטן סיי דער קיניג און סיי דער פאלקס־העלד פארלאזט לאנגע האר, וואס מען האט נישט אפגעשניטן. אזוי איז אפשר צו פארשטיין, אגב, די אינסטיטוציע פון נזיר, וואס "לאזט וואקסן ווילד די האר פון זיין קאפ" (פגל. במדבר ו׳, ה׳; שמואל א׳, א׳, י״א). הערן מיר אויך אין די מעשות פון שמשון הגיבור (שופטים, י״ג—ט״ו), אז שמשונס כוח איז געלעגן אין זיינע לאנגע האר. זאגט טאקע דער מלאך אן מנוחס ווייב (שופטים, י״ג, ה׳), אז זי וועט געווינען א זון, אבער "א שערמעסער זאל נישט ארויפגיין אויף זיין קאפ". קענען אים די פלשתים צום סוף נאר בייקומען, ווייל שמשון האט אויסגעזאגט דלילהן דעם סוד פון זיין כוח, וואס ליגט באהאלטן אין זיינע האר.

* * *

נר. קע״א. "א בילבול אויף יידן".

א מעשה מכוח צוויי מויערער, וואס האבן געארבעט ביי א ייד אין דער יידן־גאס אין רעגענסבורג און האבן פארטראכט ווי אזוי צו בארויבן דעם ייד. בעת די הויז־מענטשן זענען גראד געווען אין שול, האבן די צוויי גאיעס אויס־געפירט די גניבה און דערנאך איז איינער פון זיי אויפגעשטאנען און דעם אנדערן דערהרגעט. גיך האט זיך אין דער שטאט פארשפרייט דער קלאנג וועגן מארד. א המון־עם איז זיך שנעל צוזאמען געלאפן כדי נקמה צו נעמען אין די יידן. פון דער שווערער סכנה האט זיי ר׳ יודא חסיד מציל געווען. ער האט דעם הרוג מחיה מתים געווען און אויף אזא אופן אויפגעדעקט דעם אמת וועגן דעם רוצח.

די מעשה געפינען מיר אויך ביי ברילל נר. 34 און אין כ״י אינסברוק נר. 85. ליידער איז נאר דער אנהייב פון דער מעשה פאראן אין כ״י יאפע נר. 2, דער המשך פעלט אין גאנצן. בעת מ״ב פארענדיקט בקיצור: "אונ׳ דער ראש ערן טעט דען חסיד פיל גוץ דער נאך", האט דער כ״י אינסברוק א הוספה מיט א פרומער ווינטשונג: "אזו וואורד דיא גזירה אונטער שטאנדן אונ׳ וואר בטל. גילובט זייא גוט י״ת, דר זול אונז ווייטר אך הוילפן אמן". מיט קליינע שינוים ווערט די דאזיקע מעשה איבערגעגעבן ביי בריללן. מער באריכות ווערט נאך די מעשה דערציילט צום אנהייב פון "איין שין מעשה פון קיניג ארטוש הוף" (פיורדא, 1771).

דער מאטיוו פון מחיה מתים זיין א הרוג אין אן עת צרה, כדי צו באווייזן די אומשולד פון דעם באשולדיקטן, איז געווען ווייט פארשפרייט סיי אינעם אלטערטום און סיי אינעם קריסטלעכן מיטלעלטער. אזוי למשל דערציילט די קריסטלעכע לעגענדע, אז דער הייליקער פאטריק (St. Patrick) האט מחיה

מתים געווען דעם קיניג פון עכו (Echu), וואס איז געהאט געשטארבן אלס א געצנדינער. ער האט אים, על כן, אפגעשמדט און אים דערנאך געלאזט ווידער אנטשלאפן. ביי אן אנדער געלעגנהייט מוז א מת עדות זאגן אין א סכסוך צווישן צוויי בעלי טענות [32]. אן ענלעכע לעגענדע ווערט אויך איבער־געגעבן פון יעזוסן. אלס א ייִנגל האט ער זיך געשפּילט מיט אנדערע ייִנגלעך אויפן דאך פון א הויז. פלוצים איז איינער פון די ייִנגלעך אראפגעפאלן פון דאך און איז געווארן דערהרגעט. דער חשד פון מארד איז געפאלן אויף יעזוסן. כדי צו באווייזן זיין אומשולד, האט ער דאס ייִנגל מחיה מתים געווען. דאס ייִנגל האט זיך דעמאלט אוועקגעשטעלט אויף זיינע פיס און אויסגעזאגט ווער עס איז זיין אמתער רוצח.

גאסטער [33] ברענגט דא א מעשה פון איינעם ר׳ יצחק דיין, וואס איז געווען א גרויסער חשוב ביים קיניג. האט זיך אמאל געמאכט, אז די זין פון א מעכטיקן פּרינץ האבן דערהרגעט דעם איינציקן זון פון קיניג, דעם יורש פון זיין טראָן. דער חשד איז געפאלן אויף די יידן. האט ר׳ יצחק מחיה מתים געווען דעם הרוג, וואס האט עדות געזאגט אויף זיינע רוצחים. אזוי ארום זענען די יידן ניצול געווארן פון א מיאוסן בלוט־בילבול.

אין ירושלים, דערציילט א שפּעטערדיקע לעגענדע, האבן אמאל די גוים דערהרגעט דעם זון פון א שר פון די ישמעאלים און דערנאך געמאכט אן עלילת־הדם אויף די יידן. ר׳ קלונימוס האט אויף א שטיקל פּארמעט אנגע־שריבן א שם און עס ארויפגעלייגט אויפן שטערן פון ייִנגל. דאס ייִנגל איז ווידער געווארן לעבעדיק און זיין פאטער געוויזן די אמתע רוצחים [33*]. דער אידענטישער נוסח פון די לעצטע צוויי מעשות איז דא זייער ניכר.

* * *

נר. קע״ב. ״ר׳ יודא געפינט אויס די גנבים פון דוכוס״.

די מעשה דערציילט פון איינעם ר׳ אפרים, וועמען דער דוכוס האט תמיד אנפארטרויט די שליסלן פון זיין אוצר, בעת ער האט זיך געלאזט אין וועג אריין. אמאל, בעת דער דוכוס איז גראד געווען אויף א ווייטער נסיעה, האט זיך א באנדע שטאטלייט ארייגעגנבעט אין דעם אוצר און פון דארט אלצדינג צוגענומען. דער צער פון ר׳ אפרים איז געווען אין לשער. איז ער אוועק צו ר׳ יודא חסיד זיך אן עצה האלטן. מיטן כוח פון שם האט ר׳ יודא אויסגעפונען די גנבים און אז דער דוכוס איז צוריק געקומען אהיים, האט מען די פאר־

---

[32] Vita, 17 März II, 557, 569; cf. Günter, op. cit. p. 107.

[33] M. Gaster, op. cit. No. 339 (p. 245) & parallels.

[33*] ״חיבת ירושלים״, מ״ב (ירושלים 1864) ; לוח א״י ב׳ ז. 48 א. וו.

ברעכער געתפסנט און פארמשפט צום טויט. אדאנק ר׳ יודאן איז ר׳ אפרים ניצול געווארן פון א מיאוסן בילבול.

די מעשה געפינט זיך ביי ברילל נר. 32 און אין כ״י אינסברוק נר. 78. דער טעקסט איז אומעטום אידענטיש מיטן מ״ב. אין כ״י יאפע האט זיך ליידער אויפגעהיטן בלויז דער סוף פון דער מעשה, וואס ווייכט אפ פון די איבעריקע מקורים מיט זיין לענגערן אויספיר. בשעת די אנדערע מקורים פירן אויס אויפן סמך פון א פסוק אין משלי "צדיק מרעה נחלץ ויבא רשע תחתיו", אז דער צדיק ווערט אנטרונען פונעם בייז און דער רשע קומט אויף זיין ארט "אלש דא אך גישאך", האט דווקא כ״י יאפע א לענגערע הוספה, אז דער דוכוס איז דערנאך געווארן א ייד און געטאן יידן א סך גוטס. "אונ׳ דא נון דער שר גיזעהן הט דש גרוש בס אונ׳ וואונדר דיא ר׳ יהודא חסיד גיטאן הט, דא ווארד זיך דער שר אזו בלד מגייר אונ׳ ווארד איין ייד אונ׳ ליז זיך אז בלד יודישן אונ׳ וורד איין גרושר גר צדק אונ׳ טעט ויל גוטש. סליק".

וויל אונדז, בכן, די מעשה טאקע לאזן הערן, אז נעבן דעם שם המפורש מיט וואס ר׳ יודא באדינט זיך אין אן עת צרה, האט ער אויך דעם כוח פון א נביא און זעט אלצדינג פאראויס און ווייסט וואס עס איז זיך פארלאפן.

פרעגן מיר זיך נאר, ווער איז דאס געווען אט דער ר׳ אפרים, אויב די מעשה האט בכלל אין זינען געהאט א געוויסע היסטארישע פערזענלעכקייט? אפשר האבן מיר טאקע דא צו טאן מיט יענעם באריכטן ר׳ אפרים בן ר׳ יצחק פון רעגענסבורג, א באקאנטער בעל־תוספות און איינער פון די תלמידים פון ר׳ יעקב תם? פון ר׳ אפרים בן ר׳ יצחק, וואס ווערט אויך אנגערופן "ר׳ אפרים הגדול" און "ר׳ אפרים מאלימנייא", ווייסן מיר, אז ער איז געשטאנען צוזאמען מיט צוויי אנדערע גדולים, ר׳ יצחק בן מרדכי (דער ריב״ם) און ר׳ משה בן ר׳ יואל, בראש פון דעם בית־דין אין רעגענסבורג. אגב, דערציילן אונדז די רבנישע מקורים, אז ר׳ אפרים איז געווען א גרויסער תקיף און זיך כסדר ארומגעקריגט מיט די גדולי־התורה פון זיין צייט. ער האט אפילו נישט פארשוויגן זיין אייגענעם רבין, דעם רבינו תם[34]. עס זעט זיך אויס, ציט אורבאך די מסקנה, אז אין די שפעטערדיקע יארן האט זיך ר׳ אפרים איינגעבראכן און אויפן ארט פון דער אמאליקער זעלבסטזיכערקייט איז געקומען א שטארקע זעלבסט־קריטיק.[34] ער האט זיך אויך דערנענטערט צו ר׳ יודא חסיד, וואס דערציילט, אגב, עטלעכע טשיקאווע מעשות פון אים.

* * *

נר. קע״ג. "ר׳ אליעזר פון מיינץ לערנט ביי ר׳ יודאן די סודות התורה".

ר׳ אליעזר פון מיינץ קומט אמאל צו פארן צו ר׳ יודא חסיד, מחמת ער האט באגערט פון אים צו לערנען די סודות פון דער תורה. א לאנגע צייט דרייט

---

[34] אפרים אורבאך, צ.ו., ז. 174.

זיך ר׳ אליעזר ארום ביי ר׳ יודאן אין שטוב און יענער האט זיך אפילו אויף אים נישט אומגעקוקט. די סיבה דערפון איז געווען, וואס ר׳ אליעזר האט עובר געווען אויף דער צוואה פון זיין פאטער נישט אריבער צופארן איבערן דונאי. אז עס איז שוין געקומען ערב פסח איז ר׳ אליעזר געווארן נאך מער פארצערט, מחמת ער האט געוואלט זיין אין דער היים צו פסח און דא זיצט ער נאך אלץ ארום ביי ר׳ יודאן און האט דערווייל פון אים גארנישט געלערנט. אבער ר׳ יודא האט זיך פון דעם אלעם געמאכט נישט וויסנדיק. אז עס איז געקומען ערב פסח אין דער פרי און ער האט אפגעבאקן די מצות האט ר׳ יודא אים געגעבן א פרישע מצה און געהייסן זי ארייגטאן צו זיך אין בוזעם־קעשענע. דערנאך איז ער מיט אים ארויס היגטערן שטאט. דארט האט דער חסיד דריי מאל נאך אנאנד אויפגעשריבן עטלעכע שמות אויפן זאמד און זיי ווידער אויסגעמעקט. ביי יעדן מאל האט ר׳ אליעזר ווידער אלץ פארגעסן, וואס ער האט געהאט אינצווישן געלערנט פון ר׳ יודאן אין סתרי תורה. ערשט צום פערטן מאל האט ר׳ יודא ווידער אנגעשריבן אינעם זאמד די שמות און דערנאך געהייסן ר׳ אליעזרן זיי מיט דער צונג אפלעקן און אראפשלינגען. מיט אמאל איז אויף אים געקומען א דערלייכטונג פון אויבן און ער האט געקענט אלע סתרי תורה. דעמאלט האט ער גענומען רשות פון ר׳ יודאן און זיך געלאזט אין וועג אריין. איז געשען א נס און ער האט געהאט קפיצת הדרך און איז באלד אנגעקומען אהיים קיין מיינץ. אלס א סימן האט ער אלעמען באוויזן דיווארעמע מצה, וואס ער האט באקומען פון חסיד און האט אגב איבערגעגעבן קהל א בריוו פון ר׳ יודאן. די פרייד פון זיין ווייב און קינדער איז באמת געווען אין לשער.

די מעשה איז אויך פאראן ביי ברילל נר. 21 און אין כ״י אינסברוק נר. 80. מ״ב דערציילט וועגן ״איין גרושר חסיד צו מענץ דער זאל גיהיישן האבן רבי אמנון״, דער פאטער פון ר׳ אליעזר. אן אנדערע מסורה געפינען מיר ביי ברילל. דארט הייסט דער פאטער ״ר׳ יהודה ממגנצא״, בשעת כ״י אינסברוק דערמאנט סתם ״איין גדול וואר צו מענץ דר האט איין זון דר היס רבי אליעזר״. דער נאמען פון פאטער ווערט דא נישט דערמאנט. דער סוף פון דער מעשה האט אין די יידישע מקורים אויפצעווייזן א קליינעם, אומבאטייטיקן שינוי. אז ר׳ אליעזר איז ערב פסח פארנאכט אהיים געקומען.

| כ״י אינסברוק | מעשה בוך |
| --- | --- |
| ... אונ׳ אידרמן פויר וואונדרט זיך דז ער אזו איין וויטן וועג גיצוגן וואר נעהר דען איין הלבן טאג. אזו זאגט ער די מה נשתנה דא היים. | ... אונ׳ וואר איין גרוש וואנדר דש ער אלש באלד וואר איין היים קומען. |

אויב די ווערסיע פון כ״י ברילל מיט ר׳ יהודה פון מיינץ זאל זיין די ריכטיקע, וואלטן מיר דעמאלט געהאט אן אינטערעסאנטע מסורה ווי אזוי ר׳

אלעזר בן ר׳ יהודה רוקח, דער תלמיד מובהק פון ר׳ יודא חסיד, האט ביי אים געלערנט די סתרי תורה און דערנאך אליין געווארן א גרויסער מקובל.

אנאליזירנדיק די מעשה, זעען מיר, אז מיר האבן דא צו טאן מיט דריי ווייט באקאנטע מאטיוון. וועגן די ערשטע צוויי איז אונדז שוין אויסגעקומען צו רעדן מער באריכות אונטער נר. קס״ט:

א. דער מאטיוו פון אויסלערנען זיך כל התורה כולה אויף איינמאל,

און ב. דער מאטיוו פון קפיצת הדרך.

ג. קומט איצט נאך צו א דריטער מאטיוו אין דער געשטאלט פון דער צאל דריי.

די צאל דריי שפילט שוין פון קדמונים א וויכטיקע ראלע סיי אינעם אלטן מיטאס און סיי אין די שפעטערדיקע פאלקס־גלייבונגען. בעצם איז די צאל דריי דער יסוד פון דער מענטשלעכער משפחה: פאטער, מוטער און קינד. אין קריסטענטום האבן מיר די הייליקע דריי־אייניקייט. אויך אנדערשווו שטויסן מיר זיך אן אין דער היילקער, אפט מיסטישער צאל דריי. אין דער פאלקס־מעשה איז עס תמיד דער פאטער מיט די דריי זין. דער דריטער, דער ייִנגסטער איז אויך דער קליגסטער און פעיקסטער, וואס באשטייט אלע דריי נסיונות.

אין אונדזער מעשה שרייבט ר׳ יודא דריי מאל די געהיימע אותיות אויפן זאמד און דריי מאל מעקט ער זיי ווידער אויס. ערשט אויפן פערטן מאל הייסט ער ר׳ אליעזרן אפלעקן די אותיות און זיי אראפשלינגען. אויף אזא קאנקרעטן אופן, וויל אונדז דער דערציילער דערקלערן, האט ער קונה געווען די גאנצע סודות פון דער תורה. מיטן אראפשלינגען די אותיות זענען זיי, אזוי צו זאגן, אריין אין זיינע געדערים און געווארן אן ארגאנישער טייל פון זיין סיסטעם. אזוי איז אויך צו פארשטיין דער מאטיוו פון דער אויבן ציטירטער מעשה, ווי די שלאנג שפייט דעם יונגן העלד אין מויל אריין און תיכף קען ער די שפראך פון די חיות. אין דער ווערסיע פון דער מעשה ״שלח לחמך על פני המים״ (פגל. מדרש עשרת הדברות, ה׳, א; און מעשה בוך 193) ״שפייט דער לויתן דעם העלד דריי מאל אין מויל אריין״ און ״באלד ווערט ער באהערשט פון א גייסט פון חכמה און פארשטענדעניש און ער פארשטייט די שטימען פון די בהמות און עופות און קען די שבעים לשונות״. אינטערעסאנטע פרטים פון איס־לאמישע מקורים וועגן מיטלען צו שטארקן דעם זכרון, ברענגט י. גאלדציהער אין דער Festschrift, A. Berliner, (1903), p. 149 ff.

* * *

נר. קע״ד. ״דער בישאף פון זאלצבורג און ר׳ יודא״.

דער בישאף פון זאלצבורג איז געווען א גרויסער שונא־ישראל און אז ער האט געהערט פון דער גרויסקייט און חשיבות פון ר׳ יודא חסיד, האט ער

באשלאסן א סוף צו מאכן צו זיין לעבן. מיט א גרויסער מחנה ריטער, גראפן און פוסגייער איז ער אוועק קיין רעגענסבורג און דארט אריין מיט גרויס רציחה אינעם בית־המדרש פון דער חסיד מיט דער דעה אים צו הרגענען. אבער גאט האט פארשטערט דעם פלאן פון דעם רשע און האט אים איבערגעענטפערט אין דער האנט פון ר׳ יודאן. אנשטאט צו קענען טאן ר׳ יודאן א רעה, האט צום סוף דער מרושעדיקער בישאף גאר געבעטן ביי ר׳ יודאן, אז ער זאל האבן אויף אים רחמנות און אים שענקן זיין לעבן. ער האט אויך דעם חסיד מבטיח געווען, אז מהיום והלאה וועט ער זיין גוט צו יידן. און אזוי איז טאקע געווען. אז דער בישאף איז דערנאך געקומען צו זיך אהיים קיין זאלצבורג האט ער אלע יידן, וואס ער האט געהאט פארטריבן פון זיין מדינה, דערלויבט צוריק צו קומען און זיי געטאן א סך טובות. צום סוף האט ער זיך נאך מגייר געווען און געווארן א גוטער און פרומער ייד.

אין פארגלייך מיטן כ״י אינסברוק נר. 83, האט מ״ב די מער באריכותדיקע און פאלקסטימלעכע ווערסיע. די מעשה איז אויך איבערגעדרוקט אין אלע שפעטערדיקע מעשה־בוך אויפלאגעס, א חוץ די רעדעלסהיימער פון 1753. שטיינשניידער [35] דערקלערט דאס דערמיט, וואס די צענזור האט די מעשה מיטן גיור פון זאלצבורגער בישאף נישט אדורכגעלאזט. אגב איז דאס אויך נוגע די מעשה נר. קע״ח ״דער שטעקן וואס האט געבליט״. אונדזער מעשה איז אויך איבערגעדרוקט אין יעלינעקס ״בית המדרש״, 4, ז. 139.

* * *

נר. קע״ה. ״ר׳ יודאס פריינדשאפט מיטן דוכוס״.

עס איז אמאל געווען א מעכטיקער דוכוס, וואס איז געווען זייער באפריינדעט מיט ר׳ יודאן. ער האט קיינמאל קיין שום זאך נישט געטאן, איידער ער האט זיך נישט משאל־עצה געווען מיטן חסיד. האט זיך גראד געמאכט, אז דער קיניג פון רוים, פיליפ, האט אויפגעפאדערט דעם דוכוס מיט אים מיטצוציען אין מלחמה אריין. ר׳ יודא האט אבער דעם דוכוס נישט געהייסן גיין אין דער מלחמה אריין, ווייל ער האט פארויס געזען, אז דער קיניג וועט נישט באגליקן. אז דער קיניג האט דאס געהערט, האט ער א שבועה געטאן זיך נוקם צו זיין אין ר׳ יודאן, אויב ער וועט נאר בשלום אהיים קומען פון דער מלחמה. עס איז אבער אזוי געשען ווי דער חסיד האט פארויס געזאגט. דער מלך פון רוים מיט זיינע חיילות זענען געהרגעט געווארן אין דער מלחמה און ר׳ יודא איז ניצול געווארן פון זיין האנט. פון דעמאלט אן האט דער דוכוס נאך מער געאכפערט ר׳ יודאן און געטאן אזוי ווי ער האט געהייסן.

די אידענטישע מעשה געפינען מיר אויך אין כ״י אינסברוק נר. 84 און

---

[35] שטיינשניידער, סעראפעאום, 8, 1866.

אין כ״י ברילל נר. 16, ווידער אמאל איז דער נוסח אין מעשה בוך בארעדעווי־דיקער און על־כן טאקע פאלקסטימלעכער. פארגלייכן מיר, למשל, דעם סוף פון דער מעשה מיט די אנדערע מקורים, אזוי זען מיר, אז סיי ברילל און סיי אינסברוק האבן דעם קירצערן נוסח. דער דוכוס, וואס האט געפאלגט ר׳ יודאס עצה איז ניצול געווארן פון טויט און קומט צוריק צו ר׳ יודאן מיט דער שמועה פון קיניגס מפלה.

| כ״י ברילל | כ״י אינסברוק | מעשה בוך |
| --- | --- | --- |
| ״...והוגד לרי״ח ושמח במפלתו.״ | ״... דא שפרך דער חסיד: גילובט זייא גוט ית׳ דר פויר שטערט רוט דר רשעים״. | ״... דא דאנקט דער חסיד הקב״ה אונ׳ זאגט: גילאבט זייא גוט דער דא בור שטערט דען גידנקן בון דען רשעים. דא קוסט דער דוכוס דען חסיד אונ׳ זאגט: וואל אייך וויא זייט איר איין קעשטליך ואלק, דז אייך גוט דער אלמעכטיג אנטפלעקט די ווערק די גישעהן זולן זיין אונ׳ גישעהן זולן. אונ׳ הילט דען חסיד אי לענגאר אי בעשיר״. |

הגם דער סטיל אינעם כ״י אינסברוק איז בדרך כלל א פליסיקער און א פאלקסטימלעכער, פאלט פונדעסטוועגן אויף דער אפט שווערער, הילצערנער מלמדישער נוסח פון פארטייטשן תנכישע פסוקים.

דער כוח הנבואה, דאס זעען אין דער צוקונפט אריין — אט דאס איז דער מאטיוו פון אונדזער מעשה ווי פון א סך אנדערע מעשות. האט דאך די פאלקס־שאפונג פארהערלעכט ר׳ יודאן נישט נאר אלס א קדוש און א מקובל, נאר טאקע אויך אלס א בעל־רוח־הקודש, א מענטש מיט א ווייטער ראייה. אויך די קריסטלעכע הייליקע האט דאס פאלק געהאלטן פאר נביאים, וואס קענען פארויסזאגן די צוקונפט. אזוי למשל ווערט דערציילט פונעם הייליקן אנטאניוס, אז ער האט געהאט וויזיעס און אפט געזען בחוש, וואס עס טוט זיך ווייט אוועק, אינעם ווייטן מצרים. ער האט אויך פארויסגעזען זאכן, וואס זענען ערשט מיט צוויי יאר שפעטער פארגעקומען. סימאן סטיליטעס, דערציילט די קריסטלעכע לעגענדע, האט צו וויסן געגעבן ווען א טרוקעניש צוויי יאר איידער זי איז געקומען. פון אן ענלעכער נבואה הערן מיר אויך פון ר׳ שמואל חסיד (נר. קס״א). יאהאננעס ליקאפאליס, א בן־דור פון הייליקן אנטאניוס, האט פארויס־געזאגט די פעלדהארן דעם אויסגאנג פון דער שלאכט. ער האט אויך פארויס געזאגט דעם טאג פון קייזערס טויט [36]. אן ענלעכע מעשה האט זיך אויך דער־האלטן אין אונדזער מעשה־בוך (נר. 184) פון רש״י און גאטפריד פון בוליאן. פון מאריא עגיפטיאקא ווייסן די קריסטלעכע מקורים צו דערציילן, אז זי האט

[36] Cf. E. Lucius, op. cit. p. 384/5.

תמיד גענוי געוווסט, וואס עס טוט זיך אפ אין די ווייטסטע קלויסטערס. אבער נאך א ווייטערן קוק האט געהאט אבא שנודי. פון זיין קלויסטער האט ער געזען די זינד, וואס די מענטשן טאן אפ איבער דער גאנצער וועלט[36]. אויך די חסידישע לעגענדע פארמאגט א סך אזעלכע מאטיוון. רבי יעקב יצחק, דער חוזה פון לובלין, איז געווען באקאנט מיט זיין ווייטער ראייה, וואס ער האט געירשנט פון זיין רבין ר׳ אלימלך פון ליזענסק. ווייל ער האט צו פיל געזען, האט ער געבעטן ביי גאט, אז ער זאל ביי אים צונעמען די ראייה.

* * *

נר. קע״ו. ״דער בחור וואס האט זיך געוואלט שמדן״.

עס איז א מעשה נורא פון א בחור, וואס האט אין א בייזער שעה זיך געוואלט אפשמדן און ווי אזוי ר׳ יודא חסיד האט דאס פארהיטן. לויט דער עצה פון ר׳ יודאן פארשפארט דער פאטער דאס יינגל אין א קעלער און אז עס איז געקומען דער זינדיקער טאג, ווי ר׳ יודא האט פאראויסגעזען, האט דער בחור גענומען לעסטערן גאט און לייקענען אין דער תורה. מיט אלע כוחות האט ער זיך געריסן ארויס אויף דער פריי, כדי זיך קענען אפשמדן. אז דער בייזער טאג מיט דעם חולי־נופל איז אריבער, האט זיך דער בחור בארויקט און ממש געשעמט מיט זיינע זינדיקע מעשים. ער האט דערנאך גרויס תשובה געטאן און צום סוף האט ר׳ יודא אים צוגענומען פאר א תלמיד און מיט אים געלערנט תורה. דער בחור איז שפעטער אויסגעוואקסן א גרויסער למדן.

נר. 86 אין כ״י אינסברוק האט דעם אידענטישן טעקסט. א וויכטיקן וואריאנט האבן מיר צו פארצייכענען אינעם כ״י יאפע נר. 3. בעת די איבעריקע מקורים רעדן סתם פון אן עושר, וואס האט געוואלט אנדינגען זיין זון ביי ר׳ יודאן צו לערנען, און ער וויל אים דערווייל נישט אננעמען, מחמת ער זעט פאראויס די ״בייזע שעה״, איז דער כ״י יאפע פינקטלעכער און ווייסט אונדז אפילו צו דערציילן א ריי פרטים, ווי, למשל, דער פאטער פון יינגל האט געהייסן, פון וואנען ער איז געקומען און אפילו ווו זיי זענען איינגעשטאנען אין רעגענסבורג. אזוי הייסט עס דארט:

״איין מעשה גישך צו מענץ, דא וור איין קעשליכר גדול דא גיזעשין דער היש ר׳ שמואל און דער הט איין זון... אונ׳ בורט היין גען רעגנשפורג צו ר׳ יהודא חסיד. אונ׳ דא ער נון היין קם דא שטונד דער גדול ר׳ שמואל איין צו איינם בעלי בית דער היש עקלמן...״ האבן מיר דא צו טאן, זעט זיך אויס, מיט א מסורה וועגן א באקאנטער פערזענלעכקייט, א גדול ר׳ שמואל פון מיינץ, וואס איז געווען א בן־דור פון ר׳ יודאן. ווייסן מיר אבער נישט ווער אט דער ר׳ שמואל איז געווען, ווייל די מעשה איז דאך נישט אויסן צו דערציילן וועגן ר׳ שמואלן, וואס איז דא א טפל, נאר טאקע פון איר ליבלינג ר׳ יודא.

צום סוף פון אט דעם וואריאנט הייסט עס, אז דער בחור האט אזויפיל

תשובה געטאָן: ״... עש װער ויל דר בון צו שרייבן אונ׳ (װור) װידר גר ורום״ און פאַרענדיקט מיט אַ פּרומער װינטשונג ״אַזױ זאָלן אונזרי קינדר אך זיין״.

דער כ״י ברילל נר. 17 איז נאָך מוסיף אַן אינטערעסאַנטן פּרט צו אונדזער סיפּור־המעשׂה, אַז דער בחור האָט אַזױ שטאַרק תשובה געטאָן, אַז ער איז שוין מער קײנמאָל נישט געשלאָפן אױף קיין קישענס.

האָבן מיר אין דער מעשׂה נורא בלי ספק צו טאָן מיט אַ באַקאַנטן דיבוק־מאָטיװ. דער חולי־נופל באַפאַלט דאָס ייִנגל און אין אַ קריטישער שעה פון אַ מין טירוף הדעת שרייט ער מיט װיסטע קולות און רײַסט זיך מיט דער גרעסטער רציחה אַרױס פון קעלער כדי אָפּצוטאָן די מעשׂה שמד. בשעת מעשׂה לעסטערט ער און פאַרלײקנט גאָט.

שוין דאָס אַלטערטום און אַ פּשיטא דאָס קריסטלעכע מיטלעלטער האָבן געהאַלטן, אַז פּסיכישע קראַנקײטן פון דעם סאָרט זענען אַ פּועל־יוצא פון אַ בײזן רוח, װאָס איז אַרײַן אין דעם מענטש און לאָזט אים נישט אָפּ. טרעפן מיר זיך טאַקע אָן מיט דעם דיבוק־גלױבן אין אַ רײ אַלטע און פּרימיטיװע רעליגיעס, אַ גלױבן, װאָס באַהערשט נאָך עד היום די מוחות פון אַ סך מענטשן. אינטערעסאַנט איז אין דעם צוזאַמענהאַנג דאָס װאָס האָװאַרקאַ און קראָנפעלד [37] װײסן צו דערצײלן פון אַ רײ צפון־רוסישע גובערניעס, װו מענטשן אין אַ היסטעריש געמיט־צושטאַנד נעמען זיך צו פאַרלײקענען די הײליקע איקאָנעס און די קירכלעכע סאַקראַמענטן און רעװען אױפן קול װי די חיות. פון אַנדערע קװאַלן הערן מיר, אַז באַזעסענע װאָיען װי װילדע חיות און זאָגן זיך אָפּ אַרױס־צוזאָגן דעם נאָמען פון יעזוסן אָדער פון גאָט.

* * *

נר. קע״ז. ״די בייזע שעה״.

אַן ענלעכער מאָטיװ װי אין נר. קע״ו מיט אַ בחור, װאָס האָט זיך געװאָלט שמדן און ר׳ יודא חסיד האָט דאָס נישט דערלאָזט. די מעשׂה קומט אױך פאָר אין כ״י אינסבּרוק נר. 90 און ביי ברילל נר. 18. אין פאַרגלײך מיטן מ״ב איז דער אָנהײב פון דער מעשׂה לענגער אין כ״י אינסבּרוק, װאָס האָט אַ הוספה: ״... דר (געמיינט ר׳ יודא) האט איין װענשטר אים הויז דז גינג אויף דים מארק אזו שטונד דר חסיד אונ׳ זייני בחורים בייא אים...״

פּונקט אַזױ װי אין דער פריערדיקער מעשׂה איז אױך דאָ דער מאָטיװ דער כּוח הנבואה פון אַ צדיק הדור. ר׳ יודא זעט בחוש פאַרױס, אַז דער בחור װעט אױסגײן לתרבות רעה און באַװײַזט דאָס בײַ צײַטנס צו פאַרהיטן.

* * *

[37] O. v. Hovorka und A. Kronfeld, Vergleichende Volksmedizin, Stuttgart, 1908—09, 2, 239.

נר. קע״ח. ״דער שטעקן וואס האט געבליט״.

מיר האבן דא צו טאן מיט דעם זייער באקאנטן מאטיוו פון ״בליענדיקן שטעקן״. דער העלד פון דער מעשה איז א משומד, וואס האט אין זיין לעבן אפגעטאן יידן א סך צרות און קומט צוגיין צו ר׳ יודא חסיד בעטן ביי אים א תשובה. צוערשט איז אים ר׳ יודא מדחה צוליב זיינע גרויסע זינד. בשעת מעשה האלט ר׳ יודא א שטעקן אין דער האנט און זאגט צום משומד ״פונקט אזוי ווייניק ווי אט דער שטעקן אין מיין האנט קען אמאל ווערן גרין און זיך באדעקן מיט בלעטער, פונקט אזוי ווייניק קענסטו אפקומען פאר דיינע זינד און האבן פארגעבונג״. דער משומד איז אוועק, אבער באלד האט דער שטעקן גענומען ווערן גרין און זיך באדעקן מיט פרישע בלעטלעך. ער האט געשיקט רופן דעם משומד און פון אים פארלאנגט, אז ער זאל אים אויסזאגן דעם סוד, פארוואס עס איז אים געשען אזא נס מיטן שטעקן, מסתמא האט ער דאך אמאל געטאן אזא זאך, וואס וועגט איבער אלע זיינע בייזע מעשים. דעמאלט האט אים דער משומד דערציילט, אז אמאל האט ער אפגעראטעוועט א גאנצע קהילה פון א בלוט־בילבול. אין דעם זכות איז געשען דער נס מיטן שטעקן, א סימן, אז עס איז פאראן פארגעבונג פאר זיינע זינד. ר׳ יודא האט אים על כן ארויסגעגעבן א תשובה, וואס דער משומד האט אויף זיך גענומען מיטן גאנצן הארץ. ער איז דערנאך געווארן א פרומער, אפגעהיטענער ייד.

אויך דא איז דער כ״י אינסברוק נר. 87 אידענטיש מיט דער מעשה־בוך רעצענזיע. צוזאמען מיטן כ״י ברילל 19 רעדן אט די מקורים סתם פון א משומד־להכעיס, וואס איז געקומען צו ר׳ יודאן בעטן א תשובה. אין כ״י יאפע נר. 7 האבן מיר אפנים צו טאן מיט אן אנדערן נוסח. דארט הייסט עס: ״...דא קאם אין גוי איין רשע צו ר׳ יהודא חסיד״ און זאגט צו אים, ממש ווי כלאחר יד: ״איך וויל איין יוד ווערדן אונ׳ וויל מיך יודשן לאשן אונ׳ וויל תשובה טון...״ ווייזט אויס, אז אינעם כ״י יאפע איז ארייגעפאלן א טעות און מען האט פארביטן א משומד מיט סתם א גוי, א שונא־ישראל, וואס וויל ווערן א ייד. מילא, עס לייגט זיך אויפן שכל, אז א משומד און דערצו נאך אזא איינער, וואס האט יידן אנגעטאן גרויסע צרות, האט חרטה אויף זיינע מעשים און קומט בעטן א תשובה און וויל צוריק ווערן א ייד. אבער ווי אזוי קומט דאס צו א גוי מבטן ומלידה? ער באדארף דאך כלל נישט קיין תשובה, אויב ער וויל זיך מגייר זיין און ווערן א ייד. וויל ער דערמיט האבן א כפרה אויף זיינע בייזע מעשים? פאסט זיך דא כלל נישט אריין דער מאטיוו פון בליענדיקן שטעקן, וואס איז דאך דער סימן מובהק פאר דעם שווערן בעל־עבירהניק, וואס האט אבער אמאל אפגעטאן א גוטע זאך און דערפאר איז אים די פאלקס־שאפונג דן לכף זכות. אדרבא, דא האט דער גוי שטארק געזינדיקט מיט זיין רישעות, אבער פון א וועלכער עס איז גוטער טאט הערן מיר כלל נישט. פונדעסטוועגן בליט אויך דא דער שטעקן, א סימן פון פארגעבונג. עס קאן דעריבער גריילעך געמאלט זיין, אז דער דערציילער וויל גאר באטאנען, אז דער נס פונעם

בליענדיקן שטעקן האט ביי דעם גוי ארויסגערופן א הרהור־תשובה און דערפאר האט ער באשלאסן זיך מגייר צו זיין און ווערן א ייד.

ענדיקט טאקע דער יאפע־וואריאנט זיין סיפור־המעשה בזה הלשון: "...אונ׳ דא נון דער גוי דש גרוש נס דש גישעהן וור מיט דעם שטב, זא ווארד ער אז בלד צו איינם יודן אונ׳ ליש זיך יודשן אונ׳ טעט גרוישי תשובה. עש ווער ויל דר בון צו שרייבן. אונ׳ וור איין גר צדק".

דער סוף פון דער מעשה אין די אנדערע צוויי יידישע מקורים איז מער אין הסכם מיטן עצם מאטיוו. אז דער משומד האט ר׳ יודאן דערציילט ווי אזוי ער האט אמאל מציל געווען אן עדה יידן, "...דא זעצט ער אים דיא תשובה אונ׳ ער הילט זיך וואל אונ׳ ווער ווידר איין פרומר יוד" (מעשה־בוך רעצענזיע). כ״י אינסברוק איז דערצו נאך פרום מוסיף: "הקב״ה דר זול אונש אלי ורומן גיניסן לושן. אמן סלה". מסתמא צוליב צענזור־טעמים פעלט די מעשה אין דער רעדעלסהיימער אויסגאבע.

דער מאטיוו פון "בליענדיקן שטעקן" איז שוין געווארן אפט באארבעט און בעיקר פון דעם פראנצויזישן פארשער סענטיווס[38]. סענטיווס אונ־טערשיידט א ריי טיפן אין דער לעגענדע, קודם כל דעם טיפ, וואס וויל באווייזן די אומשולד פון א מענטש, אדער וואס זאל דינען אלס א סימן פון פארגעבונג פון זינד (ווי למשל אין אונדזער מעשה). מיר טרעפן זיך אויך אן מיט דעם טיפ לעגענדע, וואס איז אויסן צו באשטעטיקן די אויסדערוויילונג פון א קיניג אדער א כוהן, ווי למשל אין דער חומש־מעשה פון אהרון הכוהנס בליענדיקן שטעקן (במדבר, י״ז, כ״ג). דער בליענדיקער שטעקן זאל אין די אויגן פון די, וואס קריגן אויף אהרונס כהונה, באשטעטיקן, אז גאט האט אים אויסגעקליבן פאר א כוהן. אגב האבן מיר אין דער מעשה צו טאן מיט איינעם פון די עלצטע מאטיוון פון דעם דאזיקן מין. אזוי למשל צעבליט זיך אויך דער שטעקן פונעם הייליקן כריסטאפאראס[39] אין דער קריסטלעכער לעגענדע.

אין אונדזער מעשה פון משומד מיט ר׳ יודאן האבן מיר בלי ספק צו טאן מיט אן איבערפלאנצונג פונעם טאנהויזער־מאטיוו אויף דעם יידישן באדן. בעת די יידישע מעשה פארציילט פון א משומד, וואס האט אפגעטאן יידן כל המיני צרות, רעדט די דייטשע סאגע פון טאנהויזערן, אן עולם־הזהניק און א בעל־תאוה, וואס פארברענגט א לעבן פון תענוגים און אויסגעלאסנקייט אינעם פאלאץ פון ווענוס (פרוי האלדע). מיט א געפיל פון חרטה לאזט ער זיך אוועק קיין רוים צום פויפסט, אבער יענער גיט אים דעם באקאנטן ענטפער: אזוי ווייניק ווי אט דער שטעקן אין מיין האנט קען ווידער ווערן גרין, אזוי ווייניק קענסטו האפן אויף גאטס חסד! אבער באלד איז דער שטעקן געווארן גרין, —

---

[38] P. Saintyves, op. cit., p. 59—137.

[39] C. Simrock, Legenden (1885), p. 20.

א סימן פון מחילה פאר דעם זינדיקן טאנהויזער, אבער דער בעל־דבר גופא איז שוין מער נישטא געווען. דער פויפסט שיקט ארויס אים זוכן, אבער עס איז שוין צו שפעט. א פארצווייפלטער איז טאנהויזער צוריק צום ווענוס־בארג (הערסעל בארג) צו זיין אויסגעלאסן לעבן פון אמאל. ער איז שוין א פארפאלע־נער אויף אייביק!

איז דווקא דער מידת הרחמים כאראקטעריסטיש ביז גאר פאר דער יידישער לעגענדע. דער משומד ביי ר׳ יודאן האט באקומען זיין תיקון. זיין תשובה איז געווארן אנגענומען. ער ווערט באפרייט פון זיין זינד־געפיל און אזוי ארום ניצול פון אייביקע קוואלן.

דערזעלביקער מאטיוו פון כפרת־עוון קומט אויך פאר אין דער לוט־שלמה לעגענדע. דער זינדיקער לוט פארזייט מיט א געפיל פון חרטה ביימלעך, וואס הייבן גיך אן אויפצושפראצן, — א סימן, אז מען האט אים מוחל געווען זיינע זינד. די ביימעלעך צעוואקסן זיך און עס ווערן פון זיי גרויסע, שטארקע ביימער, מיט וואס שלמה המלך בויט שפעטער דעם בית המקדש [40].

ווי ווייט אונדזער מאטיוו פון דעם בליענדיקן שטעקן איז ארייננעדרונגען אין דער יידישער ליטעראטור, באווייזט אונדז פרצס דערציילונג ״מסירת נפש״. אויך דא ״באדעקט זיך דער שטעקן מיט א גרינער הויט. די הויט ווערט אנגעדראלן מיט אדערלעך, באדעקט זיך מיט קנאספן און הייבט אן בליען״, — א בולטער סימן פון כפרת־עוון פאר דעם בעל־תשובה חנניא.

פגל. אויך: ל. גינזבערג, צ. וו. III,306 f.; VI,106.

און

B. Heller, Beiträge zur Stoff-und Quellengeschichte des Ma'assebuches, in "Occident and Orient," London, 1936, p. 241.

פון מחבר:

.The Ma'aseh in the Yiddish ethical literature, 1958,p.12

* * *

נר. קע״ט. ״די חתונה מיט א שד״.

עס איז א מעשה פון א רייכן פרינץ, א גרויסער יחסן, וואס האט א טאכטער א יפת־תואר און וויל זי נאר חתונה מאכן פאר איינעם, וואס איז א בן־מלכים און איז פונקט אזוי רייך ווי ער. צוליב זיין גאווה איז אים קיינער נישט אנגעשטאנען. דער סוף איז געווען, אז עס האט זיך צו אים באוויזן א שד אין א מענטשלעכער געשטאלט, וואס איז געווען אי שיין און אי זייער רייך און איז אנגעגאנגען פאר א בן־מלך. דער פרינץ איז געווארן ממש פארבלענדט פון זיין עשירות און אים געגעבן זיין טאכטער פאר א ווייב. באלד נאך דער חתונה

[40] St. John D. Seymour, Tales of King Solomon, 1924, p. 125 sq.

האט ער זי אהיים געפירט צו זיך אין זיין מדינה פון די שדים. מיט איר איז מיטגעצויגן איר געטרייער דינער, דער לוטע־שפילער. דער שד האט מיט זיין פרוי אפגעוווינט א שטיק צייט און תחילת דעם פערטן יאר נאך זייער חתונה האט זי געמוזט שטארבן. אלס עונש איז זי נאך איר טויט געווארן איבערגע־ ענפערט אין די הענט פון די מלאכי חבלה פון גהינום. דער לוטע־שפילער האט זי געטריי באגלייט ביז צום גהינום און דארט פלוצים דערזען זיינעם א פריערדיקן חבר, אויף וועם דאס פייער פון גהינום האט נישט געהאט קיין שליטה. די סיבה דערפון איז געווען, וואס ער האט יידן משמח געווען מיט זיין אויפשפילן אויף חתונות. האט דער לוטע־שפילער ביי זיך אפגעלערנט א קל־וחומר און געזאגט, מה דאך, זיין חבר דער לוטע־שפילער וואס איז נישט קיין ייד און וואס זיין גאנצער זכות באשטייט אין דעם, וואס ער האט יידן געמאכט פריילעך, האט אויף אים דאס פייער פון גהינום נישט קיין שליטה, על אחת כמה וכמה אויב מען איז טאקע אן אמתער ייד, דעמאלט קומט מען דאך אוודאי נישט אריין אינעם גהינום. נישט לאנג געטראכט האט דער לוטע־שפילער ביי זיך באשלאסן צו ווערן א ייד. ער איז אוועק צו ר׳ יודא חסיד קיין רעגענסבורג און געבעטן ער זאל אים מגייר זיין. ביי דער געלעגנהייט דער־ציילט ער וואס עס האט פאסירט מיט דעם שרס טאכטער, וואס האט זיך געהאט פארזינדיקט מיט איר גאווה. ער איז זיך מגייר און דערנאך האט דער חסיד מיט אים געלערנט תורה און ער איז געווארן א פרומער ייד.

כ״י אינסברוק נר. 88 איז אידענטיש מיט מ״ב, איז אבער נאך צום סוף מוסיף: ״אונ׳ וואורד גיהייסן איין גר צדק״. אז דער לוטע־שפילער איז געווארן א ייד, פעלט אין דער רעדעלסהיימער אויסגאבע, מן הסתם צוליב די דער־מאנטע צענזור טעמים.

האבן מיר דא ווידער אמאל א מעשה בתוך מעשה, ווו עס שיילן זיך בעצם ארויס צוויי הויפט־מאטיוון. דער איינער מאטיוו איז ״די געמישטע חתונה צווישן א שד (אדער א פייע) און א מענטש״ און דער צווייטער — ״נסיעות אויף יענער וועלט און זוכענישן אין דער שאול־תחתית״. אין דעם ערשטן מאטיוו האבן מיר בלי ספק אן איבערבלייבעניש פון אן אלטן מיטאס, די באהעפטונג פון געטער מיט די מענטשן־קינדער. על־פי־רוב ענדיקט זיך טאקע די דאזיקע פארבינדונג מיט א שד, טראגיש פאר דעם מענטש, ווי למשל אין אונדזער געשיכטע. פון דעם מאמענט, ווען די יונגע פרוי, די טאכטער פון דעם יחסנדיקן שר, פאלט אריין אין די הענט פון די שדים, קען זי זיך נישט מער באפרייען פון איר ביטערן גורל און איר סוף איז טאקע א מוראדיקער. זי שטארבט אן איבערגעוואלדיקן טויט און באלד דערנאך נידערט זי אראפ אין גהינום אריין, ווו זי ווערט איבערגעענטפערט אין די הענט פון כל מיני מזיקים און מלאכי־חבלה, פון וואנען עס איז שוין נישטא קיין אנטרינונג.

דער מאטיוו פון געמישטע חתונות צווישן מענטש און שד איז זייער פאר־שפרייט און קומט פאר טאקע סיי אין דער אלטער ליטעראטור ביי יידן און

סיי אין די מעשות פון אנדערע פעלקער. דער באקאנטער פאלקלאר־פארשער א. האגערטי קראפפע קומט צו דער מסקנה, אז די פייע־געשיכטע פון דער שדיכע, וואס האט חתונה מיט א מענטש מיטן תנאי, אז ער זאל שוין מער נישט האבן צו טאן מיט קיין ערדישער פרוי, שטאמט פון אינדיע. פון דארט האט זיך די מעשה פארשפרייט איבער גאנץ אייראפע ביז די סאמע צפון־לענדער [41].

געוויינטלעך גלייבט דאס פאלק, אז שדים לעבן ערגיץ־ווו אין מדבריות, ווייט אוועק פון מענטשלעכע יישובים, אבער זיי קענען זיין ממש כהרף עין, אומעטום ווו זיי ווילן. אין דער פאלקס־פארשטעלונג זענען שדים א געמיש פון האלב מלאך און האלב מענטש, א מין יידישער קענטאור. ווי די מלאכים האבן זיי פליגלן און פליען שנעל פון איין עק וועלט צו דעם אנדערן, און ווייסן אויך וואס עס וועט זיין. זיי לעבן אבער ווי די מענטשן, עסן און טרינקען, נעמען ווייבער און פארמערן זיך; זיי לערנען תורה, דאווענען, היטן אפ די מיצוות און שטארבן אפילו [42]. דער "רעיא מהימנא" רעדט וועגן די שדים, אז עס זענען צווישן זיי פאראן חכמים, וואס קענען די תורה שבכתב און די תורה שבעל פה. איינער פון זיי הייסט אפילו יוסף שידא, מחמת דעם וואס ער איז געבוירן געווארן פון א שד [43]. בעצם זענען די שדים באשאפן געווארן כדי מעניש צו זיין די מענטשן, וואס האבן עובר געווען אויף אן עבירה. צוליב דעם מישן זיי זיך כסדר צווישן די מענטשן און זענען זיי מזיק. אין דעם צוזאמענהאנג איז אפשר אינטערעסאנט צו דערמאנען דעם פאלקס־גלויבן, אז שדים פארטראגן נישט די תפילה פון "ויהי נועם". דערפאר טאקע זאגט מען די תפילה אויפן בית החיים, פארן שלאפן גיין אדער מוצאי שבת [44], כדי צו פארטרייבן די חברה מזיקים.

אז מענטשן קענען זיך באהעפטן מיט רוחות און געווינען קינדער־שדים, לערנען מיר אפ פון א ריי שטעלן אין תלמוד און מדרש. באקאנט איז די לעגענדע וואס דערציילט, אז אדם הראשון האט זיך באהעפט מיט לילית איידער חוה איז געווארן באשאפן [45]. אין די שאלות ותשובות פון מהר"ם פון לובלין (מעץ, תקכ"ט, שאלה קט"ז) ווערט אפילו דערמאנט אן אויסטערלישע מעשה פון אן אשת איש, וואס לעבט מיט א שד, וואס באווייזט זיך צו איר

[41] A. H. Krappe, The Science of Folklore (1930), 110 sq.; L. Ginzberg, op. cit., V 88; A. Marmorstein קדושין של שחוק in "Jahrbuch für jüdische Volkskunde," 1923, p. 303.

פגל. אויך: ס' המעשיות (באגדאד, תרנ"ב), נר. ע"ט; שבחי האר"י, 9, "ממקור ישראל", ד', ד. B. Heller, Anmerkungen, IV, 349/50.

[42] ל. גינזבערג, צ.וו. VI,449.

[43] "רעיא מהימנא", פ' פנחס, רנ"ג, א'; פגל. אויך פסחים, ק"י, א'.

[44] לקוטי הפרדס (אמסטערדאם, עת"ה = 1715), י"א, א'.

[45] גינזבערג, צ.וו. I,65; פגל. אויך עירובין, י"ח, ב'; תנחומא בראשית (בובער), 12.

אמאל אין דער געשטאלט פון איר מאן און ווידער אמאל אין דער געשטאלט פון א פוילישן פריץ [46].

אין דער מעשה מווירמש (כ״י קעמברידזש, אנהויב 16־טער יארה.) ווערט דערציילט פון א בחור, וואס האט על־פי טעות מקדש געווען א שדיכע. דער ספר מעשה נסים פון יוזפא שמש (נר. כ״א) האט א ״מעשה פון דער מלכה שבא אין דעם הויז צו דער זונך״. אין דער מעשה פאנגט די מלכה שבא (= לילית) אין איר נעץ א מאן וועמען זי מאכט זייער רייך, בתנאי אז קיינער זאל זיך נישט דערוויסן פון זייער באהעפטונג. דא איז געווארן די גערמאנישע פייע פארוואנדלט אין די מלכה שבא, וואס שטייט איין אין דער יידן־גאס פון ווארמס. אינטערעסאנט איז, אז די דאזיקע מעשה־נורא איז שפעטער מגולגל געווארן פון ווארמס קיין מיזרח־אייראפע און זי ווערט געברענגט פון צבי הירש קיידנעוואער אין זיין קב הישר פרק ס״ט, אלס א מעשה פון פויזן אין די יארן ת״ח—תמ״ח.

פאראלעלן:

J. Lévi, Un recueil de contes juifs inédits, REJ. XXXV, No. XI.
M. Grünbaum, Neue Beiträge zur semitischen Sagenkunde (1893), p. 189 ff.
L. Ginzberg, op. cit. VI, s.v. Solomon; V,385.

דער מאטיוו פון נסיעות אויף יענער וועלט איז, ווי מיר האבן שוין דער־מאנט, גאר אן אלטער. מיר געפינען אים אין דער דיכטונג פון האמערן, אינעם אלטן בבלישן עפאס פון גילגאמעש, אין די מעשות פון די ווונדערלעכע נסיעות פון אלעקסאנדערן אדער גאר אין די גערמאנישע העלדן־לידער. געווייינטלעך נידערט דער העלד אראפ אין די שאול־תחתית כדי פון דארט עמיצן צו באפרייען אדער זיך גאר מיט עמעצן צו זען, ווי אין דעם גריכישן סיפור־המעשה פון ארפעאוסן. מען האט זיך פארגעשטעלט, אז אין די טיפע היילן, ברונעמער, וואסערקוואלן און אין כל המיני ערד־שפאלטן געפינען זיך די טויערן צו דער אונטער־ערדישער וועלט. אויך אין דער אלט־יידישער נאוועלע ״מעשה בריעה וזימרה״ באגעגנען מיר צום סוף דעם אונטערוועלט־מאטיוו. זימרה נידערט אראפ צו זיין געליבטער בריעה אויף יענער וועלט. מיט דער הילף פון א תפילה גייט ער דורך דאס ״שער מעסער״, דערנאך וואנדערט ער דורך א הויז, וואס איז פול מיט לויטער מתים, און צום סוף דערזעט ער זיין ״שיינע ליבליכע בריעה״. אין א מיזרח־אייראפעישער פאלקס־מעשה, וואס א. רעכטמאן [47] האט פארצייכנט, ווערט דער העלד פארוואגלט צום לאנד פון די

[46] פגל. אויך די מאנאגראפיע: י. ל. זלוטניק, ״מעשה ירושלמי״ (ירושלים, תש״ז), ז. 26 און פאראלעלן.

[47] א. רעכטמאן, צ.וו. נר 19, ז. 175.

## אין מעשה בוך

פֿר זיין דש דאז ווער כפרה הושט דא זעלבט ער איז די תשובה אונט
ער הילט זיא רעכט אונט ווארד אך איין פֿרומר יוד דא זאגן זיין
תלמידים גלובט זיא ניט דער איין טייל זיינר ווייזהייט איז טיילט צו
זיינן פֿערבערן: סליק סליק סליק

קע״ח

מעשה און איינם משומד דער וואר איין גרושר רשע דער
הט בון מיט זיינם רשעות גמאכט דש פֿיל בון ישראל
ווארן אום קומן דורך זיין גרוש רשעות דאש הט ער בון פֿיל יאר אן
געטריבן איין מאל קאם דער משומד צו רבי יודא חסיד אונ׳ בט אין ער
זאלט אים תשובה זעגן דען ער הט גרוש רואן אויף זייני זינד דיא
ער גיטון הט אונ׳ הוב אן אונ׳ ערצילט פֿיל גרושי עבירות דעם חסיד
דיא ער זיין טג גיטון הט זינט דש ער וואר איין משומד גוועזן אונ׳ דא
דער חסיד זולכן בוזן שטיק בון דעם משומד הארט דא וואלט ער
אים קיין תשובה זאגן דען ער שפראך דיין עבירות זיין פֿיל צו גרוש
אונ׳ דער חסיד דער שניצט עבן אן איינם דארן שטאב אין זיינר
הנט אונ׳ דער חסיד זגט ווידר דען משומד אזו וועניג אלז דיזר שטאב
גרין ווערט אונ׳ אלזו וועניג אלז דיזר שטעקן גרינן בלעטיר שפראשט
אלזו וועניג הושטו כפרה ווש זול איך דיר דען פֿאר תשובה זאגן אלזו
גינג דער משומד ווידר בום חסיד הין וועק אונ׳ שפראך וויל איר דער
חסיד קיין תשובה זעגן זא וויל איך פֿיל בוזר ווערדן אלז איך פֿאר בין
גוועזן אונ׳ ביט לנג דר נוך דש דער משומד בון אים וואר דא זך דער
חסיד דש דער שטב ווידר גרין ווארד אונ׳ ביקם גרינן בלעטר דא
פֿאר וואונדרט זיך דער חסיד גר זער אונ׳ גדאכט אן דיא ריד די ער
ווידר דען משומד גטון הט אונ׳ גדאכט זיך דער משומד דער קאן נוך
כפרה הבן דען דער שטב איזט ווידר גרין ווארדן אונ׳ שיקט בון
שטונדן אן ווידר נאך דעם משומד אונ׳ שפראך ווידר אן זיך איך הב
דיר וועלן יעבשאל קיין תשובה זעגן דען איך הב גזאגט אזו וועניג
דיזר שטב גרין ווערט אונ׳ בלעטר שפראשט אלזו וועניג קנשטו אך
כפרה הבן נון איזט איר דער שטב ווידר גרין ווארדן אונ׳ הוט גרינן
בלעטיר גשפראסט נון זיכט איין אין דיר איין זולכש בס גשעהן איזט
זא הושטו איין מול עבירות גנוג גיטון הבן דאש דוא נוך כפרה הושט
ביא גאט דיין בוזן ווערק דיא דו גיטון הושט ווען דו איר דאש זעלבן גאן
גינגשט זו וויל איך דיר תשובה זעגן אונ׳ עלז דען ווען דו זיא הלטש דיא
תשובה:

א זייטל פונעם מעשה־בוך. אויבן דער סוף פון דער מעשה קע״ז „די בייזע שעה״ און אנהייב פון דער מעשה „דער שטעקן וואס האט געבליט״.

בני קורח, כדי אויף אזא אופן אפצוקומען פאר זיינע זינד, און נעמט דארט פאר א ווייב איינע פון די דארטיקע טעכטער. פון די בני קורח ווייסט די לעגענדע צו דערציילן, אז זיי לעבן אונטער דער ערד, אפנים דארט, ווו זיי זענען אין משהס צייטן איינגעזונקן געווארן. דארט זענען זיי די היטערס פון די טויערן פון בית־המקדש, וואס זענען ביים חורבן פארזונקן געווארן אין דער ערד [48].

מיט די נסיעות אין די שאול־תחתית זענען על־פי־רוב פארבונדן גרויסע סכנות. דער העלד מוז אויספירן שווערע, אפט אוממעגלעכע אויפגאבן, — אגב איז דאס גאר א באליבטער מאטיוו פונעם פאלקס־מעשהלע.

אין אונדזער מעשה גייט דער געטרייער לוטע־שפילער נאך זיין הארס טאכטער ביז צום טויער פון גהינום. דארט דערזעט ער פלוצים זיינעם א חבר, א לוטע־שפילער פון אמאל, וואס זיצט און שפילט כסדר זיין לוטע. (אויך א באקאנטער מאטיוו: אין גהינום טוט מען געוויינטלעך דאס גלייכע וואס מען האט געטאן ביים לעבן!) זיין חבר אין גהינום ווארנט אבער דעם לוטע־שפילער נישט אריינצוגיין, מחמת ער וועט שוין פון דאנען נישט מער ארויסקומען. אויף דער פראגע פון אונדזער העלד, פארוואס יענער ווערט נישט פארברענט, ענטפערט ער אים, אז דאס איז אין זכות פון דעם וואס ער פלעגט אויפשפילן אויף יידישע חתונות און פריילעך מאכן דעם עולם (אגב, א באליבטער מאטיוו: דער שכר פאר פריילעך מאכן מענטשן. פגל. תענית, כ״ב, א׳ און ״חיבור יפה מהישועה״, ז. 2). גייט טאקע אונדזער לוטע־שפילער צוריק אהיים און באשליסט צו ווערן א ייד. אלס א סימן, אז ער איז געווען אין גהינום צינדט זיך אן זיין פינגער, וואס ברענט די גאנצע צייט, כדי אים צו ווייזן דעם וועג ארויס פון די פינצטערנישן פון דער אונטערוועלט. לאמיר דא נאך באמערקן, אז דאס פאלק שטעלט זיך פאר, אז דער גהינום אלס די אונטערוועלט, ליגט ערגיץ־ווו טיף אין דער ערד. דארטן איז טאקע תמיד פינצטער און כדי צו זען דעם וועג, באדארף דער לוטע־שפילער צו האבן א ליכט.

פונקט אזוי ווי אין אונדזער מעשה, ווערט אויך פון דעם לעגענדארישן אמורא רבי יהושע בן לוי דערציילט, אז אליהו הנביא האט אים אמאל צוגעפירט צום טויער פון גהינום און דארט געלאזט אריינקוקן [49]. אויך די ייִנגסטע פאלקס־מעשות ווייסן א סך צו דערציילן פון אזעלכע באזוכן אין גהינום. אזוי למשל די ״מעשיות נוראים ונפלאים״, ז. 10—6; שבחי צדיקים, ז. 4 און ״שבחי בעל־שם״ (לעמבערג, 1905) ז, 51. זע אויך ביין גריון, צ. וו., VI,169 & 290.

שפילט דא נאך אריין אן אנדער מאטיוו ״איך שמעק דאס פייער פון גהינום״, וואס האט געוויינטלעך א שלעכטן ריח. בשעת דער לוטע־שפילער איז אויפן וועג קיין רעגענסבורג, ווארנט שוין דער חסיד זיינע בחורים: איך שמעק דאס פייער פון גהינום! ערשט ווען דער לוטע־שפילער האט זיך מגייר

[48] גינזבערג, צ.וו. III,300.

[49] ״מסכת גיהנום״ אין אייזענשטיינס ״אוצר המדרשים״, ז. 91 און זהר פ׳ בא.

געוועז, האט זיך דאס פייער פארלאשן און דער געשטאנק פון גהינום איז פארשוואונדן. גלייבט דאס פאלק, אז פונקט אזוי ווי עס שטראמען ארויס פון גן־עדן ריחות פון גוטע, דערקוויקנדיקע קרייטעכצער און פון די טייערסטע בשמים, וואס שמעקן מיט פרילינג און לעבן, אזוי טראגט זיך פונקט קאפויער פון גהינום א ריח פון עיפוש און איבלדיקן געשטאנק. עס שמעקט פון דארט מיט פוילעכץ און טויט.

ענלעך איז דער מאטיוו אינעם דייטשן מעשהלע "דער טייוול מיט די דריי גילדענע האר" [50]. דער העלד באהאלט זיךביים טייוול אין דער וווינונג. אז דער טייוול קומט אהיים, רופט ער אויס: איך שמעק, איך שמעק מענטשן פלייש! — א סימן, אז ערגיץ־ווו באהאלט זיך אויס א מענטש. אויך אין דער ציטירטער "מעשה ירושלמי" רופט איינער פון די שדים אויס: ריח בני אדם אני מריח, בשעת דער העלד פון דער מעשה איז באהאלטן אין דער שול ביים דאווענען [51]. ענלעך דערשמעקט אויך די אנגעקומענע מחנה רוחות אינעם איסלאמישן מעשהלע [52] דעם ריח פון א מענטש.

אלס א פאראלעל צו דעם מאטיוו "די פרוי אין גהינום" ווילן מיר נאך אנווייזן אויף גאסטערס א מעשה "דאס פארבאטענע צימער" [53]. אויך דער מאטיוו פון "פארבאטענעם צימער" (מען טאר א געוויסע טיר צו א צימער אין הויז נישט אויפמאכן) איז ווייט פארשפרייט, און מיר טרעפן זיך אן מיט אים אין דער דייטשער מעשה פונעם ריטער בלויבארט און פונעם געטרייען יאהאננעס. אין דער מעשה ביי גאסטערן קען די נייגעריקע פרוי זיך נישט איינהאלטן, זי עפנט די טיר פון פארבאטענעם צימער און ווערט דארט תיכף נעלם. א געטרייער דינער (ווי אין אונדזער מעשה: דער לוטע־שפילער) גייט זי ארויס זוכן און געפינט זי אין גהינום. זי זיצט דארט אין א גילדענער קאמער לעבן א גילדענעם טיש מיט כלערליי טייערע און געשמאקע מאכלים. אלצדינג איז אבער רויט פון גליענדיקן פייער. אלס א סימן גיט די פרוי דעם דינער איר רינג, וואס ער ברענגט דערנאך אהיים צו איר מאן. דער מאן איז דערפון טיף גערירט, האט חרטה אויף זיינע מעשים און טוט תשובה. ער ווערט אזוי ארום ניצול פון גהינום. אידענטיש איז די מעשה מיט י. לעווי נר. 11.

וואריאנטן פון דעם מין געפינען מיר אויך לרוב אין דער דייטשער פאלקס־מעשה. אזוי למשל הערן מיר פון א ריטער האנס פאן ליכטענשטיין, וואס נאכן טויט פירט ער ארום זיין הויף־מייסטער איבערן גהינום. דער ריטער זעלבסט זעצט זיך דארט אוועק אויף א רויט בעט. אלצדינג איז דארט רויט,

---

[50] Grimm, K. u. H. Märchen, No. 29; Bolte und Polivka, Anmerkungen, I, 276.

[51] Cf. J. L. Zlotnik, op. cit. p. 35.

[52] J. E. Hanauer, Folklore of the Holy Land, (1907), p. 204.

[53] Gaster, Exempla, No. 338.

די שטולן, די כלים אפילו די פאנטאפל. רויטע דינער באדינען און ברענגען אריין רויטע מאכלים און רויטן וויין. אין דער אמתן איז אלצדינג אבער פון גליענדיקן פייער [54]. לויט א טירינגער סאגע, האט אמאל א פאסטעך געדארפט ארויסבאקומען א קבלה פון זיין האר, וואס האט זיך שוין געפונען אין דער שאול־תחתית. א פארשווינדל מיט א גרוי בערדל האט אים דערלאנגט א שטעקן. מיט דעם שטעקן אין דער האנט האט ער אנגעקלאפט אין דער טיר און דערזען זיין האר זיצן צו דריט און שפילן קארטן. אז ער האט אים אנגע־רירט מיטן שטעקן, האבן פלאמען ארויסגעשלאגען פונעם שפיץ־שטעקן. אלס א סימן, אז ער איז ביי אים געווען, האט אים זיין האר מיטגעגעבן א היטל, וואס האט אויסגעברענט א לאך אין טיש.

די סימנים וואס מען ברענגט צוריק פון גהינום אלס א באשטעטיקונג, אז מען איז דארט געווען, זענען גאר א באליבטער מאטיוו פון די שאול־תחתית מעשהלעך.

ווילן מיר נאך צום סוף אנווייזן, אז אונדזער מעשה "די תתונה מיט א שד" קומט אין ערגיץ נישט פאר אחוץ אין די אויבנדערמאנטע יידישע מקורים. אפשר איז גאר גאסטער [55] גערעכט, וואס מיינט, אז נישט געקוקט אויף א ריי יידישע עלעמענטן אין דער מעשה, האבן מיר דא צו טאן מיט א טיפיש דייטש פאלקס־מעשהלע, וואס איז, ווי אזוי אפט אין פאלקלאר, געווארן אריבערגעטראגן אויפן באדן פון דער יידישער פאלקס־שאפונג.

ווייטערדיקע פאראלעלן:

Benfey, Pantschatantra, I,155.
W.A. Clouston, Popular tales and fiction, I,198 ff.
E. Cosquin, Contes populaires de Lorraine, no. 38.
Bolte und Polivka, Anmerkungen, II,318 ff.; III,324.

* * *

נר. ק"פ. "אליהו הנביא ביים יידישן".

דאס דאזיקע קליינע, פערלדיקע מעשהלע איז קודם כל פאראן אין כ"י ברילל נר. 20 און אין כ"י אינסברוק נר. 89. דער סוף אין מ"ב האט נאך א הוספה מיט א פירוש, וואס איז נישט בנמצא אין די איבעריקע מקורים, פארוואס אליהו הנביא איז נישט געקומען צו דער ברית־מילה פון דעם קינד: "אונ' דאש אישט דאש קינד גיוועזן דאש איר האט אובין גילייאט האט אין סימן קע"ו". בכן, עס איז געווען אט דער בחור, וועגן וועמען מיר האבן געלייענט

[54] G. Schambach und W. Müller, "Niedersächsische Sagen und Märchen" (1855).
[55] Gaster, Ma'aseh Book, II (Notes) no. 179.

אויבן, אז ער האט זיך געוואלט שפעטער שמדן. ביידע מעשות דערגאנצן זיך און פארמירן על כן איין גאנצקייט. בעת דא רעדט זיך פון דער געבורט פון קינד, דערציילט די מעשה (אונדזער נומעראציע: קע״ז) ווי אזוי דער בחור האט דערנאך אין א בייזער שעה זיך געוואלט שמדן.

אויך דא שפילט אריין דער מאטיוו פונעם צדיקס רוח־הקודש, פון ביכולת זיין פארויס צו זען די צוקונפט. אליהו הנביא זעצט זיך דאסמאל נישט לעבן ר׳ יודאן אויף דעם כסא של אליהו ביים יידישן, ווי עס איז תמיד געווען זיין שטייגער, מחמת דעם וואס דאס קינד איז אנגעברייט ארויסצוגיין לתרבות רעה. ר׳ יודא חסיד האט דאס געוווסט און דעריבער איז ער נישט אויפגעשטאנען מקבל פנים זיין דעם רך הנולד, בעת מען האט אים אריינגעטראגן אין שול צו דער ברית־מילה.

לאמיר נאך מוסיף זיין, אז פאלקלאריסטיש איז אינטרעסאנט דער פאלקס־גלויבן וואס האלט, אז אליהו הנביא קומט צו יעדער ברית־מילה און נאר יחידי־סגולה זענען זוכה אים צו זען, א שטייגער, א קדוש ווי ר׳ יודא חסיד. דערפאר טאקע שטעלט מען אוועק פאר אים דעם ״כסא של אליהו״, אויף וועלכן אליהו דארף זיצן בעת דעם דאזיקן הייליקן אקט. די סיבה דערפון איז, וואס אליהו האט זיך אין אן עת־צרה מוסר נפש געווען פאר דער אפהיטונג פונעם ברית (מילה), בשעת איזבל (די קיניגלעכע פרוי פון אחאבן) האט גערודפט די גאטפארכטיקע און פרומע לייט פון יענעם דור. טייטשט טאקע דער מדרש, אז אליהו זאגט צו גאט (מלכים א׳, י״ט, יד) ״קנא קנאתי לה׳ אלהי צבאות כי עברו בריתך...״ (איך האב מיך אנגענומען פון וועגן גאט פון צבאות, ווייל פארלאזן דיין בונד האבן די קינדער פון ישראל) — חייך שאין ישראל עושין ברית מילה עד שאתה רואה אותה בעיניך. מכאן התקינו חכמים להיות עושין מושב כבוד לאליהו״. (איך שווער דיר, אז ווען יידן וועלן מאכן א ברית־מילה וועסטו תמיד זיין דערביי. דערפאר האבן די חכמים מתקן געווען, אז מען זאל אוועקשטעלן אן ערן־שטול לכבוד אליהון). לעבן אליהון דעם טרייסטער און העלפער אין דער נויט, דעם מלאך פון שלום און פירלייפער פון משיחן, איז אויך אויסגעוואקסן אין דער פאנטאזיע פון פאלק אן אליהו אלס דער מלאך פון בונד (ברית), דער שטרייטער פארן יידישן כבוד. אין דער דאזיקער מיסטעריעזער פילגעשטאלטיקייט לעבט אליהו אייביק אין זכרון פון זיין פאלק.[56]

לאמיר דא אויך נאך פארנאטירן דעם פארצייטישן מנהג, וואס ווערט אונדז איבערגעגעבן אין דער מעשה: בשעת מען טראגט אריין דאס קינד צום ברית, שטייט קהל אויף און רופט אויס ״ברוך הבא״ לכבוד אליהון, וואס קומט אריין מיטן קינד.

---

[56] פרקי דרבי אליעזר (לעמבערג, 1874), פ׳ כ״ט; ילקוט שמעוני, בלק כ״ג, סי׳ תשס״ו, וואס ברענגט דעם מאמר אין נאמען פון מדרש אבכיר. פגל. אויך זוהר בראשית צ״ג און גינזבערג, צ.וו., 338, VI.

אויך דא, ווי אין א ריי אנדערע מעשות, איז אליהו א יוצא ונכנס ביי רבי יודא. ער זעט אים, בשעת די אנדערע זען אים נישט.

* * *

נר קפ״א. ״דאס שטומע קינד הייבט אן רעדן״.

די מעשה דערציילט ווי אזוי ר׳ יודא האט געהיילט א קינד, וואס איז געבוירן געווארן שטום. אז די מוטער ווארפט דאס קינד אריין אין וואסער און כאפט עס ווידער אויף אין איר שארץ, הערן מיר נאך דעם ביז גאר פריש־צאפלדיקן אויסגעשריי פון קינד: ״שוך, שוך, שוך — ווי קאלט איז מיר!״, ווי די ווערטער וואלטן ממש ערשט ארויס פונעם מויל פון דעם פאלקסטימלעכן דערציילער. לויטן אנגעגנומענעם נוסח פון סיפור־המעשה, לערנט דאס קינד שפעטער ביי ר׳ יודאן און וואקסט אויס א גרויסער תלמיד־חכם.

די אידענטישע מעשה מיט קליינע שינוים געפינט זיך אויך אינעם כ״י ברילל נר. 2 און כ״י אינסברוק נר. 91, ווו דער סוף איז מער באריכותדיק, אבער דערמאנט נישט, אז דאס קינד האט שפעטער געלערנט ביי ר׳ יודאן. אזוי הערן מיר אין די צוויי מקורים:

| כ״י אינסברוק | מעשה בוך |
|---|---|
| ״...דא גינג דיא ורויא מיט אירם קינד ווידר צום חסיד אונ׳ ד׳אנקט הקב״ה דר גוך אים, דז ער מיט זיינר חכמה האט גימאכט דש קינד רידן. אזו זעצט די ורויא דז קינד אויבר איין ספר אונ׳ דא עש גרוש וואורד דא וואורד עש איין גרושר הער אין דער תורה״. | ״... אונט דער חסיד לערנט דער נאך אך מיט אים אונ׳ ווארד איין גרושר תלמיד חכם אויש אים גיווארדן״. |

מאקס גרינבוים [57] ווייזט אן אויף אן ענלעכע מעשה ביי הערדאטן (1 ,85), ווו עס ווערט דערציילט ווי אזוי דער שטומער זון פון קרעזאסן האט צוליב א פלוצימדיקן שרעק — ער האט דערזען זיין פאטער אין א טויט־סכנה — אנגעהויבן צו רעדן.

* * *

נר. קפ״ב. ״דער סדר ביי ר׳ יודא חסיד״.

האבן מיר דא ווידער אמאל צו טאן מיט אן אליהו־מאטיוו. אליהו הנביא איז צוגאסט ביים חסיד צום סדר, בשעת ר׳ יודא בן שניאור פון שפייער איז גראד געווען ביי אים אויף פסח. ווי תמיד איז אליהו א רואה ואינו נראה און נאר דער חסיד האט די זכיה אים צו זען. היות ווי זיין גאסט האט געהאט

[57] גרינבוים, כרעסטאמאטיע, ז. 427.

דערפון חלישת הדעת, האט אים ר׳ יודא געטרייסט און מבטיח געווען, אז ער איז א בן־עולם־הבא. כדי אים צו מאכן האפערדיק זאגט צו אים דער חסיד: זיי וויסן, אז עס זענען פאראן אויף דער וועלט דריי צדיקים און דו ביזט איינער פון זיי!

די פאלקס־מעשה, וואס פארהערלעכט ביז גאר אירע העלדן, שרעקט זיך נישט אפ פאר די גרעסטע גוזמאות, אבי נאר ארויסצוברענגען זייער גרויסקייט און הייליקייט. ווייסט זי בעצם נישט, אז די מידה פון גאווה, מיט וואס זי בארימט זיך דא אזוי, איז געווען לגמרי פרעמד דעם גאנצן מהות פון אירע העלדן־חסידים. דערמאנט דאס אונדז, אגב אורחא, אין דעם גדלותדיקן לשון פון ר׳ שמעון בן יוחאי, וואס האט אמאל א זאג געטאן וועגן זיך (סוכה, מ״ה, ב׳): ״ראיתי בני עליה והם מועטים... אם שנים הם אני ובני הם״. (איך האב מיך ארומגעקוקט און געזען, אז קליין איז די צאל פון די אייבערשטע מענטשן... זענען זיי צוויי, טא בין איך עס און מיין זון).

די מעשה איז אידענטיש מיטן כ״י ברילל נר. 4 און כ״י אינסברוק נר. 92, ווו דער טעקסט ווארייִרט א ביסל. אזוי הייסט עס אין מ״ב למשל, אז ר׳ יודא בן שניאור ״קאם עבן אן ערב פסח צו אים״ קיין רעגענסבורג, בעת די רעצענזיע אין כ״י אינסברוק האט ״אונ׳ קאם הין אן ר״ח ניסן אונ׳ בליב בייא אים ביז אויבר פסח״. אזוי איז אויך דער נוסח אין כ״י ברילל ״שבא אצל הרי״ח סמוך לר״ח ניסן ונשאר אצלו לפסח״. אויך סטיליסטיש איז אמאל דער כ״י אינסברוק פאלקסטימלעכער, זיין לשון זאפטיקער און געשמאקער. די מעשה פארענדיקט ער קלארער, אָן חנדלעך און לאזט ארויס אלע איבעריקע סטיל־מאנעריזמען און איבערחזרונגן פון מ״ב:

| מעשה־בוך | כ״י אינסברוק |
|---|---|
| ״... הקב״ה לוש אונש איר אליר זכות גיניסן. אונ׳ זיא לערנטן בייא איין נגדר לנגי צייט. הקב״ה לאש אונש אירי זכות אך גיניסן. אמן סלה״. | ״... הקב״ה לוש אונש דז זכות אלר ורומן גיניסן. אזו נאס דר גדול פון שפייאר רשות פון דים חסיד אונ׳ ער בענשט אין אונ׳ ער צוג מיט וריד ווידר אהאם״. |

* * *

נר. קפ״ג. ״דער טויער־היטער פון רעגענסבורג״.

דא ווערט דערציילט די מעשה־נורא פונעם טויער־היטער פון רעגענסבורג, וואס איז געווען א גרויסער רשע מרושע און בשעת מען האט ארויסגעטראגן פון שטאט א בר־מינן צו קבורה, האט ער אויף להכעיס אנגעהויבן צו קלינגען מיט די גלאקן. בשעת ר׳ יודא חסיד איז נפטר געווארן און מען האט דעם ארון ארויסגעטראגן פון שטאט, האט דער טויער־היטער מיט גרויס רישעות, ווי זיין שטייגער איז געווען, אנגעהויבן קלינגען מיט די גלאקן. דעמאלט

איז דאס געשען, וואס ר׳ יודא האט געהאט פאראויס געזאגט, דאס טויער איז איינעפאלן און אונטער זיך באגראבן דעם מרושעדיקן וועכטער.

דער סיפור־המעשה האט זיך אויך אויפגעהיטן אין די כתב־ידן פון ברילל נר. 36, יאפע נר. 4 און אינסברוק נר. 95. די טעקסטן זענען בדרך כלל אידענטיש מיט איין איינציקן אויסנאם, וואס אחוץ מ״ב האבן אלע דריי אנדערע מקורים צום סוף דעם פאלגנדיקן צוגאב:

| כ״י אינסברוק | כ״י יאפע |
| --- | --- |
| "...דא גון דיא גוים דז גרוש וואונדר זאהן, דא שפראכן זיא: ער איז איין הייליגר מן גיוועזן בייא זיינם לעבן אונ׳ ער איז הייליג בייא זיינם טוט..." | "...דא זייטן דיא גוים: זיך (זעט) דער מן איז הייליג גיוועזן ביי זיינם לעבן אונ׳ נאך זיינם טוט אך". |

ווי תמיד איז די העברעישע רעצענזיע ביי בריללן א סך קירצער. דארט לייענען מיר: אמרו כל הגוים עתה ידענו שהיה קדוש בחייו ובמותו.

אינעם דאזיקן אויספיר פון דער מעשה ליגט אויך איר מאטיוו: די הייליקייט פון צדיק אפילו נאך זיין טויט.

איז פאר אונדז אינטערעסאנט, אז די מעשה פון ר׳ יודאן איז א סך דורות שפעטער מגולגל געווארן קיין מיזרח־אייראפע און דארט ווערט זי איבער־דערציילט פון פארשיידענע גדולים כמעט אין איין און דעמזעלביקן נוסח. אזוי למשל גיט א. רעכטמאן[58] איבער אן ענלעכע מעשה פון אסטראה וועגן דער פטירה פונעם וואונדערלעכן צדיק ר׳ יעקב יוסף, א תלמיד ותיק פונעם מעזריטשער מגיד. אין זיין צייט, ווערט דערציילט, האט אין אסטראה געלעבט א גלח, א גרויסער צורר היהודים. דער וועג צום בית־עולם האט פארביי געפירט פאר דעם קלויסטער. בשעת דער לויה פון דעם גרויסן נפטר, האט דער גלח גענומען קלינגען מיט די גלאקן פון קלויסטער, ווי עס איז תמיד געווען זיין שטייגער, כדי אזוי ארום אפצושפעטן פון די יידן. דערציילט די מסורה, אז בשעת די נושאי־המטה האבן זיך דערנענטערט צום קלויסטער, האט זיך דער נפטר, דער הייליקער ר׳ יעקב יוסף, אויפגעזעצט און געזאגט דעם פסוק: "שקץ תשקצנו ותעב תתעבנו כי חרם הוא" (דברים, ז׳, כ״ו). איז געשען א נס און דער קלויסטער האט אנגעהויבן פאמעלעך צו זינקען, ביז ער איז אינגאנצן איינגעזונקען געווארן.

צוויי אידענטישע מסורות געפינען מיר אויך נאך ביי י. ל. כהן[59], איינע פון אסטראה מיטן מהרש״א און א צווייטע פון לודמיר, פון סתם א גרויסן צדיק, וואס איז גראד דארט נפטר געווארן.

לאמיר דא נאך אנווייזן אויף דעם נביאות־מאטיוו, וואס איז קונציק פאר־

[58] א. רעכטמאן, צ.וו., נר. 9, ז. 73.

[59] י. ל. כהן, יידישער פאלקלאר, ווילנע 1938, ז. 157/58.

וועבט אין אונדזער מעשה און וואס פארבינדט די פטירה פון ר׳ יודאן מיטן איינגעפאלענעם טויער. פאר זיין פטירה, דערציילט די פאלקס־מסורה, האט ר׳ יודא איבערגעגעבן קהל א סימן, אז אויב דאס טויער מיטן מרושעדיקן טויער־היטער וועט איינפאלן, זאלן זיי וויסן, אז ער איז שוין א בן־עולם־הבא. האט דא דאס פאלק פארבונדן אן עטיאלאגישע סאגע פונעם איינגעפאלענעם טויער אין רעגענסבורג מיטן טויט פון ר׳ יודא חסיד.

כדי צו באשטעטיקן די לאקאלע סאגע פון דעם נס פונעם איינגעפאלענעם טויער, איז נאך כ״י יאפע (און ענלעך דאס מעשה בוך) מוסיף: ״...אונ׳ צו איינם וואר צייכן קן מן דען זעלביגן טורן הייט דעש טגש נאך ניט אויש בויאן ...אונ׳ ווער עש ניט גלויבן וויל דער ציך היין גען רעגנשפורג אונ׳ וארשט (פארשט) דר נאך אוב עש אזו איז״. און דער דערציילער גיט נאך שטיפעריש צו: ״ווען עש ניט זוא ווער וועלט איכש ניט שרייבן״.

בעת אינעם מיטלעלטער האבן יידן אין דייטשלאנד געוווינט אין געטאס, ארומגערינגעלט מיט א מויער, און מען האט נאר געקענט גיין אריין און ארויס פון שטאט דורך א טויער, האט די לעגענדע נאטירלעך לאקאליזירט דעם נס ארום דעם שטאט־טויער. אין די מיזרח־אייראפעישע יישובים, אן געטאס און אן טויערן, האט דער נס שפעטער פאסירט מיטן לאקאלן קלויסטער, וואס איז גראד געלעגן אויפן וועג צום בית־הקברות, און פון וואנען דער מרושעדיקער גלח האט אויף צו להכעיס געקלונגען מיט די גלאקן בשעת א יידישער לויה. לויט אן אנדער מסורה פלעגן די גוים פון קלויסטער ארויסגיין און באווארפן דעם ארון מיט שטיינער.

אינטערעסאנט איז נאך דער סוף פון דער מעשה אינעם כ״י אינסברוק. האבן מיר דא צו טאן מיט א באזונדערער הוספה, וואס איז א מין קאמפילאציע פון צוויי פארשיידענע מסורות ארום דער פטירה פון ר׳ יודא חסיד. די צווייטע איז אבער נישט בנמצא אינעם מעשה־בוך קאנאן. דא ווערט דערציילט, אז ר׳ יודא חסיד האט פאר דער פטירה געוואלט מגלה זיין דעם קץ, אבער דאס מער נישט באוויזן. מען האט דאס געוויס פון הימל נישט דערלאזט. ענדיקט טאקע דער כ״י די מעשה בזה הלשון: ״...אונ׳ אז בלד ער נאם די פען אין די האנט, דא פויר גינג ער (איז ער נפטר געווארן) זצ״ל״. גיט נאך דער דערציילער פרום צו: ״הקב״ה לוס אונז זיינר ורומקייט גיניסן אונ׳ אך אנדרי ורומי צדיקים. אמן סלה״.

* * *

## הוספות

ביז איצט האבן מיר באהאנדעלט די שבחים פון ר׳ שמואל און ר׳ יודא חסיד, וואס זענען אריין אינעם מעשה־בוך־קאנאן. ווייסן מיר אבער, אז אומ־צאליקע שטאפן און מעשות זענען געבליבן מחוץ פון דער מעשה־בוך־טראדיציע און געפינען זיך נאך ביי היינטיקן טאג צעשפרייט איבער פארשיי־

דענע ספרים און כתב־ידן אלס א מין ״אפאקריפע״ מסורות. האבן מיר צוליב טעכנישע טעמים דערווייל אויסגעקליבן נאר דריי צוגאב־מעשות מיט א ביאגראפישן שטאף פון לעבן פון ר׳ שמואל און ר׳ יודא חסיד, און אזוי ארום דערגאנצט אין א געוויסער מאס דעם שבחים־ציקל. איינע פון די מעשות (ב. נר. קפ״ב) איז יא פאראן אין דער מעשה־בוך־טראדיציע, אבער נאר אין דער באזעלער אויסגאבע. זי פעלט אבער לגמרי אין די שפעטערדיקע אויסגאבעס פון מעשה־בוך.

א. ״דער נס פון דער ווארמסער שול״.

מיר האבן דא ווידער צו טאן מיט א באקאנטן מאטיוו, וואס די פאלקס־מעשה האט לאקאליזירט אין דער אלטער שול פון ווארמס, ארום דער געבורט פון ר׳ יודאן. דער קומענדיקער צדיק־הדור איז שוין געהייליקט אין זיין מוטערס בויך און עס געשען זאכן מחוץ לדרך הטבע, כדי אים אפצוהיטן פון א סכנה. אן ענלעכע מעשה האט מען אויך נאכדערציילט פון רש״ין און שפעטער פון ר׳ יודא חסיד גופא, בשעת ער איז אלס א דערוואקסענער אמאל געווען אין ווארמס.[60] אחוץ אין אונדזער ספר מעשה נסים, קומט אויך די מעשה פאר אין ״שלשלת הקבלה״ און ווערט נאך געברענגט אין ״שארית ציון״ (אות ל״ז), צוזאמען מיטן ״שם הגדולים״ פון חיד״א (ר׳ חיים יוסף דוד אזולאי).

* * *

ב. ״דער הימל עפענט זיך״ (מעשה בוך נר. קפ״ב).

ווי מיר האבן שוין אויבן דערמאנט, געפינט זיך די מעשה אינעם כ״י רויטלינגען (מינכען, העבר. 100) נר. 10 און אין דער באזעלער אויסגאבע פון 1602. אחוצדעם האט זיך די מעשה נאך דערהאלטן אין די צוויי העברעישע כתב־ידן, ברילל נר. 11 און פראנקפורט נר. 1. עס איז איינע פון די ביא־גראפישע מעשות פון ר׳ שמואל חסיד און זי דערציילט אונדז ווי אזוי ר׳ אברהם און ר׳ יודא, זיינע צוויי זין, זענען געבוירן געווארן.

דער כ״י רויטלינגען פארענדיקט די מעשה: ״...דא דער חסיד היים קאם, דא גינג זיין וויפ איינן טבילה אונ׳ וואורד די זעלביג נכט טרגן במזל טוב רבינו אברהם אשל הגדול[61]. דר נוך גינג אויש בון אים ר׳ יודא חסיד״, און איז מוסיף תוך־כדי דיבור ״דא איך ויל בון גישריבן הב אים מעשה בוך״, א נאטיץ, וואס האט, ווי מיר האבן שוין אנגעוויזן, ארויסגערופן א שטארקן פלאנטער מכוח דער אויטארשאפט פונעם מעשה־בוך.

[60] שלשלת הקבלה (ווענעדיג), נ״ג, א׳ : ״והקרון היה לוחצו מאד ונעשה נס ויפתח הקיר את פיו ויעלהו בתוכו ונצל, ועדיין נראה הרושם ההוא...״

[61] אזוי ווערט ר׳ אברהם בן ר׳ שמואל אנגערופן אין דער רבנישער ליטעראטור פון זיין צייט. ר׳ יהודה בן ר׳ קלונימוס, דער מחבר פון ״ספר יחוסי תנאים ואמוראים״ רופט אים אן ״מורנו ורבנו אשל״. פגל. אויך אורבך, צ.וו., ז׳ 300.

אונדזער מעשה געהער זיך אן צו דעם קרייז פון דערציילונגען מיטן מאטיוו פון "זיך עפעס ווינטשן" אדער "געבענטשט ווערן" — א מאטיוו, וואס איז ווייט פארשפרייט אינעם אינטערנאציאנאלן פאלקלאר. אינעם פאלקס־מעשהלע ווינטשט זיך דער העלד עפעס, אדער ער ווערט געבענטשט פון צדיק, און די ברכה ווערט באלד מקוים. אזוי למשל בענטשט בודדא אינעם אינדישן מעשהלע [62] א פרומע פרוי, אז אלץ וואס זי וועט אנהייבן, זאל זיך נישט ענדיקן ביז צום זון־אונטער־גאנג. אין דער קריסטלעכער לעגענדע בענטשן קריסטוס און דער הייליקער פעטרוס, בעת זייערע וואנדערונגען אויף דער ערד, די וואס האבן זיי אויפגענו־מען מיט גאסטפריינדשאפט. א דאנק דער ברכה פון הייליקן, ווערט דער ווונטש פונעם פרומען, ארעמען מכניס־אורחים באלד מקוים.

אינטערעסאנט איז נאך אין אונדזער מעשה די גענעאלאגיע פון ר׳ שמואלס קינדער. בשעת מיר הערן דא, אז זיין ווייב האט אים געווינען צוערשט ר׳ אברהם און דערנאך ר׳ יודאן, האבן מיר אין דער מעשה קס"א "ר׳ שמואל ריכט אפ גלות" אן אנדערע טראדיציע. דארט לייענען מיר: "אונ׳ גיוואן צווייען זין אויף איין מאל, איינער דער וואר גיהיישן רבי אליעזר אונ׳ דער אנדר רבי אברהם... אונ׳ דער נאך גיוואן ער רבי יהודא חסיד". טרעפן מיר זיך דא אן מיט א זון ר׳ אליעזר, וואס וועגן אים שווייגן אבער די אנדערע מקורים. דאס זעלביקע איז, אגב אורחא, אויך נוגע דער אנאנימער טאכטער פון ר׳ יודאן, וואס ווערט דערמאנט אין דער מעשה נר. קס"ט "א שבת אין גן־עדן". איז א סברא, אז צוליב דער סתירה האבן אפשר די שפעטערדיקע מעשה־בוך אויסגאבעס ארויסגעלאזט אונדזער מעשה און זי איז נאר פארבליבן צום סוף פונעם מיטלעלטערלעכן ציקל אין דער באזעלער אויסגאבע.

פאראלעלן:

Benfey, Pantschatantra, I,495—99.
Hagen, Gesamtabenteuer, II,XXIII.
Grimm, Kinder und Hausmärchen, No. 27.
J. Bedier, Les Fabliaux, (1893), p. 177—93.

און מ. לאנדוי אין:

Zeitschrift für vergleichende Literaturgeschichte, 14 (1901), p. 16 ff.

* * *

ג. "די פטירה פון ר׳ יודא חסיד".

ווי עס איז אונדז שוין אויסגעקומען צו דערמאנען, איז די מעשה־פלא נישט אריין אינעם מעשה־בוך קאנאן. אריינגענומען האבן מיר זי אבער פונעם העברעישן כ"י ברילל (נר. 37), כדי אויף אזא אופן משלים צו זיין אונדזער מיטלעלטערלעכן שבחים־ציקל מיט א כאראקטעריסטישער מעשה פון יידישן פאלקלאר.

---

[62] בענפעי, פאנטשאטאנטרא, 497, I.

דער מאטיוו פון וועלן מגלה זיין דעם קץ, דעם סוף פון גלות און דעם אנקום פון משיחן איז גאר אן אלטער. פון דורות האבן זיך יחידים־וויזיאנערן געמאטערט אויסצוגעפינען דעם סוד פון "קץ". מען האט דאס געפרווט צו דערגיין דורך אויסרעכענונגען און כל המיני גמטריאות, און אפילו גאר מיט השבעות און צירופים פון הייליקע שמות. אין די אלטע צייטן האט מען געהאלטן, אז די פראגע פון סוף, פון ענד פון גלות איז א געטלעכער סוד, וועלכן מען טאר ביי קיין שום אופן נישט מגלה זיין. די בעלי התלמוד האבן שטרענג געווארנט די, וואס ווילן בעל־כרחי אויפדעקן דעם סוד פון גאולה און פאר זיי געהאט א ביטערע קללה [63]. דערציילט טאקע אן אלטע מדרש־מסורה, אז יעקב אבינו האט פארן טויט צונויפגעזאמעלט זיינע קינדער און פאר זיי געוואלט אנטפלעקן דעם "אחרית הימים", דעם סוד פון "קץ", האט זיך אבער די שכינה פון אים אפגעטאן און ער איז אנטשוויגן געווארן [64]. אבער נישט געקוקט אויף דעם איסור, שטויסן מיר זיך כסדר אן אינעם מיטלעלטער אויף אלץ נייע פרוון צו וועלן דערגיין דעם סוד פון קץ.

אויך אין אונדזער מעשה אידענטיפיצירט דער דערציילער די פערזענ־לעכקייט פון ר' יודאן מיט די, וואס האבן געוואלט מגלה זיין דעם קץ. האט דאך דאס פאלק אים פארגעטערט און געגלויבט, אז ער ווייסט אלצדינג וואס עס טוט זיך אויבן אין הימל און אונטן אויף דער ערד, אפילו דאס סאמע פאר־הוילענע פונעם מענטשלעכן אויג איז אים באקאנט. דעריבער האט דער פאלקס־דערציילער געהאלטן, אז ר' יודא האט נאטירלעך אויך געוווסט דעם סוד וועז משיח וועט קומען און האט אים פאר זיין טויט געוואלט מגלה זיין צו די יחידי־סגולה, די טובי־העיר פון רעגענסבורג. אבער מן השמים האט מען אפנים דאס נישט דערלאזט. פארענדיקט דעריבער די לעגענדע אויף איר כאראקטעריסטישן אופן, אז בשעת ר' יודא האט גענומען פאפיר און פעז אין די האנט אריין און געוואלט דעם סוד פון דער גאולה אויפשרייבן, איז ער פלוצים נסתלק געווארן. עס איז א הערלעכער אפאטעאז אויף ר' יודא חסיד, דעם גרויסן ייד, דעם מקובל און קדוש. דער סוד איז פארבליבן א סוד אויף אייביק. וויפיל די שפעטערדיקע דורות האבן זיך נישט געמאטערט, זיי זענען נישט געווען בכוח צו אנטפלעקן דעם פארהוילענעם סוד, און אזוי ווארט א וועלט אלץ נאך אויף משיחן . . .

**אבער ווי אזוי אפט, איז אויך דא די מעשה היפשלעך ווייט אוועק פון דער רעאליטעט. איז דאך דיווירקלעכקייט צו ענג, צו האמעטנע פאר דער פרייער, שפילעוודיקער פאלקס־פאנטאזיע, וואס לאזט זיך אפט אוועק צו פליען אין די**

---

[63] סנהדרין, צ"ז, ב': תיפח רוחן של מחשבי קצין. פגל. אויך פסחים, נ"ד, ב' און מארקוס, 13, 32.

[64] בראשית רבה, צ"ח, ג. אזוי אויך א שפעטערדיקער מדרש "ברכת יעקב אבינו לבניו", לויט אוצר מדרשים, ז. 238. פגל. נאך בין גריון, צ.וו. 311 & 117, VI; און "ממקור ישראל", ד', כ"ה.

הויכע ווייטקייטן פון אן אירעאלער וועלט. ווי תמיד איז אויך דא פאראן א דיסקרעפאנץ צווישן דער וועלט פון דער פאנטאזיע און דער וועלט פון רעאליטעטן, צווישן חלום און וואר. בעצם האט זיך די פאלקס־מעשה זעלטן ווען געקענט דערהייבן צו די לויטערע, קלארע הויכקייטן פון דער ריינער מחשבה, צו א ליכטיקער, אי־מאטעריעלער רעליגיאזיטעט. אין איר טענדענץ צו אידעאליזירן דעם העלד, אים בעל־כרחי ארויסהייבן פון די ענגע גרענעצן פון א מאטעריעלער וועלט און אים באגלייך באפרייען פון די געזעצן פון צייט און רוים, האט די פאלקס־שאפונג אים צוגעטראכט אזעלכע אויסערגעווינט־לעכע, איבערנאטירלעכע כוחות, וואס זענען אפט גאר ווייט פון אמתער, דערהויבענער רעליגיאזיטעט און ליגן דערפאר אין דער ספערע פון פלאדיקן און פאנטאסטישן.

קוקן מיר זיך צו וואס דער ספר חסידים האט געהאט למשל צו זאגן מכוח דעם ענין פון מגלה זיין דעם קץ, אזוי ווערט אונדז תיכף קלאר, ווי ווייט די פאלקס־מעשה איז אין דער אמתן אוועק פון דעם רעאלן ר׳ יודא און זיינע געלייטערטע עטישע לערעס. זאגט זיך דאך דער ספר חסידים גאנץ קאטעג־גאריש ארויס קעגן די אלע אויסרעכענונגן און נביאותן וועגן דעם קץ. לייענען מיר טאקע אין ספר חסידים (סי׳ רי״ב): ״אם תראה שאדם מתנבא על משיח, דע כי הוא עוסק במעשה כשפים או במעשה שדים או היו משביעים בשם המפורש... אומרים לו אל תשיח, כך שיגלה לכל העולם ולבסוף יהיה לבושת ולחרפה לכל העולם... וגזירה יהיה על ידם כי אין אדם יודע על ביאת משיח״. (ווען דו וועסט זען, אז א מענטש זאגט נביאות וועגן דעם אנקום פון משיחן, זאלסטו וויסן, אז ער פארנעמט זיך אדער מיט כישוף אדער ער האט צו טאן מיט מעשה־שדים, אדער ער האט סתם גאר באשווירן דעם געטלעכן נאמען... זאגט מען צו אים רעד נישט אזוי, אז עס זאל נישט ארויסקומען פאר דער גאנצער וועלט און צום סוף וועט מען נאך פון אים אומעטום אפלאכן און חוזק מאכן... זאל מען וויסן, אז קיינער וויים נישט ווען משיח וועט קומען[65].

קיין שארפערן אפזאג צו די בעלי־דימיון, צי די וואס האבן בעל־כרחי געוואלט באשטימען דעם קץ, קענען מיר זיך שוין נישט פארשטעלן. קיינער וויים נישט, באווארנט זיך דער ספר חסידים, ווען משיח וועט קומען! דאס איז א געטלעכער סוד! די אלע גמטריאות און ספעקולאטיווע המצאות פארפירן

---

[65] וויסטינעצקי (אין זיין אויסגאבע פון ספר חסידים) גיט צו אין דער הערה צום סי׳ רי״ב: ״רבי פתחיה בסדורו צד 5 כתב: ובנינוה היה איש חוזה בכוכבים ושמו ר׳ שלמה... ושאל לו רבי פתחיה מתי יבא משיח... אבל רבי יהודה לא רצה לכתוב פן יחשדוהו בדברי ר׳ שלמה.״ (אין נינוה איז געווען א שטערן־זעער וואס האט געהייסן ר׳ שלמה... האט אים ר׳ פתחיה פון רעגענסבורג געפרעגט ווען וועט משיח קומען. אבער ר׳ יודא חסיד האט נישט געוואלט וועגן דעם ענין שרייבן, כדי מען זאל אים נישט חושד זיין, אז ער איז א מאמין אין די נביאותן פון ר׳ שלמה).

דעם מענטש. דער סוף איז, אז קיין גוטס קומט דערפון נישט ארויס. דעריבער זאל זיך דער מענטש דערפון האלטן פון דער ווייטנס[66].

עס איז געווען א געלייטערטער וועלט־באנעם, וואס די שולע פון די מיטל־עלטערלעכע חסידים־ספיריטואליסטן האבן אונדז איבערגעגעבן. ער איז אין דער אמתן היפש ווייט פון די אלע מיני גלייבענישן אין השבעות און כישוף, מיט וואס די תמימותדיקע פאלקס־מעשה האט אזוי רייך און קאלירפול אויס־געפוצט דאס לעבן און די מעשים פון אירע גרויסע גייסטיקע העלדן, ר׳ שמואל און ר׳ יודא חסיד. דער אמתער חסיד דערנענטערט זיך צו זיין גאט, דעם קוואל פון אלדאס זיין, מיטן כוח פון זיין טיפער אמונה, מיט א ריינקייט און קדושה, מיט א שטארקער ליבשאפט און פלאמיקער דבקות, וואס פליסן ארויס פון א צעברויזט, טיף־אנגעגליט מענטשלעך הארץ. דאס זענען געווען די גרויסע יידן פון אמאל, די בעלי־סוד פונעם מיטלעלטער אין דייטשלאנד, ארום וועם דאס פאלק האט אין משך פון לאנגע דורות געוועבט א פרעכטיקן קראנץ פון הארציקע מעשות און ווונדערלעכע לעגענדעס, וואס זענען באהויכט מיט אלע זיבן חנען פון עכטער, יידישער פאלקסטימלעכקייט, און פון וואנען דורות־יידן האבן געשעפט מוט און האפענונג אין צייטן פון נויט און יסורים.

---

[66] הגם מען האט געגלייבט באמונה שלמה אין די קרייזן פון די חסידי־אשכנז אין דעם ביאת הגואל, האט מען פונדעסטוועגן געפרווווט צו ווארענען קעגן די אלע ספעקולאציעס אין וועלן אויסרעכענען דעם "קץ", דעם סוף פון גלות, בפרט נאך אין די שווערע, נסיון־רייכע צייטן פון די קרייצצוגן. אפשר האט מען טאקע דערמיט געהאפט צו פארהיטן ביטערע אנטוישונגען מצד די אומגעדולדיקע און פארפירטע, וואס האבן לייכט געקענט פירן צו כפירה און שמד.

זייט

# די מעשות פון רבי שמואל און רבי יודא חסיד

**דא וויל איך אנהייבן צו שרייבן די מעשים פון רבי שמואל חסיד און פון זיין זון רבי יודא חסיד, וואס האבן זיך געטראפן אין זייער צייט.**

* * *

נר. קנ"ח (ב. קנ"ט). דער פארמעט מאכער

מעשה. עס האט זיך געטראפן מיט איינעם א גדול, וואס האט געהייסן רבי יעקב. ער האט שוין פון לאנג געהאט א סך געהערט וועגן רבי שמואל חסיד, דעם פאטער פון רבי יודא חסיד. האט אט דער רבי יעקב שטארק געגלוסט זיך אמאל צונויפצוטרעפן מיט רבי שמואלן. האט זיך גראד געמאכט, אז בעת רבי שמואל איז אוועק לערנען תורה, איז ער אמאל אנגעקומען אין דער שטאט, ווו רבי יעקב האט געוווינט און איינגעשטאנען ביי רבי יעקבן. ער האט זיך אבער נישט געגעבן צו דערקענען ווער ער איז, ווייל ער האט נישט געוואלט, אז מען זאל אים אנטאן כבוד פון זיין תורה וועגן. האבן מיר דאך א כלל, אז א מענטש זאל זיך היטן נישט הנאה צו האבן פון דער הייליקער תורה. די גאנצע צייט, וואס רבי שמואל איז ביי אים איינגעשטאנען, האט רבי יעקב מיט אים גארנישט גערעדט, מחמת ער האט אים געהאלטן פאר א פראסטן מענטש. צום סוף האט אים רבי יעקב אמאל געפרעגט: "מיין ליבער, ווי הייסט איר?" האט אים יענער געענטפערט: "איך הייס שמואל". זאגט צו אים רבי יעקב: "און וואס איז אייער צונאמען?" ענטפערט ער אים: "איך הייס שמואל פארמעט מאכער לויט מיין אומנות". האט זיך רבי יעקב געטראכט, מסתמא איז ער א פארמעט מאכער. ער האט אים דעריבער נישט באוויזן קיין גרעסערן כבוד ווי יעדן אנדערן אורח.

אז רבי שמואל איז פון אים ווידער אוועקגעגאנגען, האט אים רבי יעקב מיט זיינע תלמידים באגלייט א שטיקל וועג, ווי דאס איז געוועזן דער שטייגער. בשעת מעשה איז רבי שמואל געגאנגען אביסל פארויס מיט איינעם פון די בחורים, און בעת רבי יעקב איז שוין געהאט צוריק אהיים געגאנגען, מאכט רבי שמואל צו דעם בחור: "נעכטן האט מיך דיין רבי געפרעגט ווי איך הייס, האב איך אים געזאגט, אז איך הייס שמואל פארמעט מאכער. איך הייס אזוי צוליב מיין אומנות, היות איך בין בקי אין כל התורה כולה, וואס איז געשריבן אויף פארמעט. מיט די ווערטער האט ער זיך געזעגנט מיטן בחור און זיך געלאזט אין וועג אריין.

וויבאלד דער בחור איז צוריק אהיים געקומען, האט ער זיין רבין איבער־

געגעבן דעם שמועס, וואס ער האט געהאט מיט דעם אורח. דערויף זאגט רבי יעקב, דאס איז געווים געווען רבי שמואל חסיד. ער האט זיך נישט געגעבן צו דערקענען, כדי מען זאל אים נישט אפגעבן קיין כבוד, ווי איך האב דאס טאקע נישט געטאן. נישט לאנג געטראכט זאגט רבי יעקב צו דעם בחור: "קום, לאמיר אים תיכף נאכלויפן און אויב מיר וועלן אים דעריאגן, וועט ער מוזן מיט אונדז צוריקגיין. אבער ביי מיין נאמנות, היט דיך פאר מיר טאמער האסטו מיר משקר געווען". ענטפערט דער בחור: "חלילה וחס, אז איך זאל אייך האבן געזאגט א ליגן!" הקיצור, ער איז אים תיכף נאכגעלאפן און אים אויך באלד אנגעיאגט. האט אים רבי יעקב אזוי לאנג געבעטן, ביז ער האט מסכים געווען מיט אים צוריקצוגיין אהיים. אז רבי יעקב מיט זיין אורח זענען נאר אהיים געקומען, האבן זיי זיך פארשפארט אין א חדר מיוחד און געווען דארט פערצן טעג און נעכט. וואס זיי האבן דארט מיט אנאנד געשמועסט, האט קיין שום ילוד אשה נישט געוווסט. ערשט דערנאך איז רבי שמואל פון אים אוועקגעצויגן מיט א סך כבוד. השם יתברך זאל אונדז לאזן געניסן זייער זכות צו אלע צייטן.

* * *

**נר. קנ"ט (ב. ק"ס).** רבי שמואל רייט אויף א לייב.

**א מעשה האט זיך געטראפן,** בשעת רבי שמואל האט געוואנדערט פון איין מקום תורה צום אנדערן צו לערנען, איז ער אמאל אנגעקומען צום בארטן פון ים און אריין אין א שיף, וואס איז באלד אפגעפארן. פלוצים האט רבי שמואל דערהערט א יאמערלעך געשריי, וואס איז געקומען פון דער יבשה. ער האט געבעטן דעם שיפס־קאפיטאן מיט אים צוריקצופארן און אז ער איז ארויפגעקומען אויף דער יבשה, איז ער נאכגעגאנגען דעם קול ביז וואנען ער איז צוגעקומען צו דעם ארט און דערזען ווי א לייב אנטלויפט פאר אן אנדער חיה, וואס מען רופט פאנדיל [1], וואס איז אים כסדר נאכגעלאפן. דער לייב האט געציטערט פאר שרעק, מחמת די חיה האט געשפיגן מיט אייטל פייער און האט אלץ ארום זיך פארברענט. דער לייב האט, על כן, זייער מורא געהאט, און אנטלויפנדיק פאר דער חיה, האט ער יאמערלעך געשריען.

אז דער חסיד האט דאס דערזען, איז ער צוגעלאפן און באשיצט דעם לייב פונעם פאנדיל. דאס פאנדיל איז גיך אנטלאפן און אזוי ארום איז דער לייב ניצול געווארן. אז דער לייב האט געזען ווי דער חסיד האט אים מציל געווען, האט ער מער נישט געוואלט אפטרעטן פונעם חסיד און אים ארויסגעוויזן אסך ליבשאפט. צום סוף האט דער לייב פאר אים אנידערגעקניעט און דעם חסיד געלאזט אויף זיך רייטן. אזוי איז דער חסיד געריטן אויף דעם לייב ביז ער איז צוגעקומען צום בארטן פון ים, וווּ דער שיפס־קאפיטאן האט אויף אים

[1] א פאנטער.

געוואָרט מיט זיין שיף. ער איז אַרויף אויפן שיף און דער לייב איז געבליבן שטיין ביים ברעג פון ים און אים אַזוי לאַנג נאָכגעקוקט, ווי לאַנג מען האָט געקענט די שיף אַרויסזען, ממש ווי אַ מענטש באַגלייט זיינס אַ פריינד אין וועג אַריין און קוקט אים אַזוי לאַנג נאָך, ווי לאַנג ער קען אים נאָך זען.

דערפון קען מען אָפּלערנען, אַז אפילו פון אַ ווילדער חיה קומט אַ מענטשן קיין שלעכטס נישט אַרויס, אויב ער האָט איר אַמאָל עפּעס גוטס געטאָן.

*    *    *

גר. ק״ס. (ב. קס״א). רבי שמואל און די דריי גלחים.

אַ מעשה האָט פּאַסירט. עס זענען אַמאָל געקומען צו רבי שמואלן דריי גלחים פון אַ ווייטער מדינה, באַשר זיי האָבן געהערט וואָס פאַר אַ געטלעכער מענטש ער איז. האָבן די גלחים געזאָגט צו ר׳ שמואלן: ״אין די אַלע לענדער, וווּ מיר זענען געוועזן האָבן מיר אומעטום אַסך געהערט פון דיינע קונצן און מייסטערישע שטיק. ווילן מיר דיך על כן בעטן, אַז דו זאָלסט אונדז עפּעס באַווייזן פון דעם, וואָס דו קענסט. אויב דו וועסט מסכים זיין, זאָגן מיר דיר צו צו באַווייזן עפּעס פון אונדזערע קונצן, היות מיר זענען זיכער, אַז זיי זענען גרעסער פון דיינע. בעטן מיר דיך זייער, זאָג אונדז נישט אָפּ אונדזער בקשה, מחמת מיר זענען אייגנס וועגן דעם צו דיר געקומען פון גאָר אַ ווייט לאַנד.״

גראָד האָט דעמאָלט געוווינט אין אַ נאָענטער שטאָט איינער, אַ גדול הדור, מיטן נאָמען רבי יעקב, ביי וועמען ר׳ שמואל האָט געהאַט אַ ספר. מאַכט ער צו די גלחים: ״אפשר וואָלט איר געקענט באַשווערן אַ שד, אַז ער זאָל פון מיינעטוועגן אַהינטראָגן אַ בריוו צו רבי יעקבן, אַז ער זאָל מיר מיין ספר אָפּשיקן. אויב איר קענט דאָס באַווייזן צו טאָן, וועל איך באמת פון אייך גאָר אַ סך האַלטן און וויסן, אַז איר זענט דאָס טאַקע די אמתע מייסטערס״. האָבן די גלחים אים געענטפערט: ״מיר זענען צו דיר געקומען, כדי דיך צו ערן און דיר באַווייזן גאָר גרויסע קונצן. דיין בקשה וועלן מיר קענען גאָר לייכט אויס־פירן״. און זיי מאַכן צו אים: ״קום, לאָמיר איצט אַרויסגיין אויפן פעלד אויף אַ פאַרבאָרגענעם אָרט, אַזוי וועסטו ערשט דעמאָלט זען די אמתע וווּנדער. איינער פון אונדז דריי וועט מאַכן אַ קרייז און זיך אין אים אַריינלייגן, און בשעת מעשה וועט אַן אַנדערער אים אַזוי לאַנג באַשווערן, ביז זיין נשמה וועט אַרויסגיין פון זיין לייב, צונעמען ביי דיר דעם בריוו און אים אָוועקטראָגן צו רבי יעקב און ברענגען דיר פון אים אַן ענטפער צוזאַמען מיט דעם ספר, וואָס דו באַגערסט צו האָבן. וועסטו זען, אַז דער פאַרשויך, וואָס זיין נשמה וועט אַרויס פון זיין לייב, וועט גאַנצע דריי טעג בלייבן ליגן אינעם קרייז און זיך נישט רירן פון אָרט. ערשט נאָך די דריי טעג וועט זיין נשמה צוריקקערן אין זיין גוף און ער וועט דעמאָלט ווידער אויפשטיין און זיין פריש און געזונט״. האָט דער חסיד דערויף מסכים געווען און די גלחים האָבן אַזוי געטאָן ווי זיי האָבן געזאָגט.

אזוי גיך ווי די נשמה איז ארויס פון דעם גלחס גוף, האבן די אנדערע צוויי גלחים געזאגט: "קומט, לאמיר איצט צוריקגיין אין שטאט אריין, צי וואס זאלן מיר דא דרויסן פארברענגען די צייט. ווען עס וועט קומען דער דריטער טאג, ארום מיטיק־צייט, טא וועלן מיר ווידער דא ארויסקומען. דעמאלט וועט די נשמה צוריקקומען אין איר גוף אריין, האבנדיק דערפילט דיין בקשה". אזוי זענען זיי זאלבעדריט צוריקגעגאנגען אין שטאט אריין. אויפן דריטן טאג זאגן די צוויי גלחים צו רבי שמואל: "לאמיר איצט ארויסגיין אויפן פעלד, כדי דו זאלסט מיט דיינע אייגענע אויגן זען, ווי די נשמה וועט ווידער צוריק אריינקומען אינעם גוף פון אונדזער חבר". אזוי איז דער חסיד מיט זיי ארויס אויפן פעלד. זייענדיק אויפן פעלד האט דער חסיד אזוי געמאכט, אז די נשמה האט נישט געקענט אריינגיין אינעם לייב פונעם גלח און זיך מיט אים מתחבר זיין. אז די גלחים האבן דערזען, אז דער גלח איז געבליבן ליגן ווי א פגר און קען נישט אויפשטיין, האבן זיי אנגעהויבן צו מאכן גרויסע יללות און ביטער באוויינט זייער טויטן חבר. דעמאלט זאגט צו זיי דער חסיד: "אויב איר וועט מיר איצט מודה זיין, אז איך קען מיין פון אייך, וועל איך אזוי מאכן, אז די נשמה זאל קענען ווידער צוריק אריינקומען אינעם גוף ווי פריער". הערענדיק די ווערטער, זענען די צוויי גלחים אנידערגעפאלן אויף זייערע קני און זיך געבעטן רחמים, אז ער זאל למען השם פועלן, אז זייער חבר זאל צוריק לעבעדיק ווערן. דעמאלט וועלן זיי זיך גערנוויליק מודה זיין אין זיין גרויסקייט. אזוי האט דער חסיד באשווירן דעם שד, אז ער זאל צוריק אריינלאזן די נשמה אינעם טויטן גוף, און באלד איז דער גלח ווידער געשטאנען אויף זיינע פיס א לעבעדיקער. אצינד האט ער דעם חסיד איבערגעבן זיין בריוו און דאס ספר, וואס ער האט שוין לאנג געוואלט האבן. די גלחים האבן זיך באדאנקט ביי דעם חסיד און זיך געלאזט אין וועג אריין. זיי האבן זיך אצינד מודה געווען, אז זיין קונץ איז אן א שיעור גרעסער ווי מען האט וועגן דעם דערציילט אין די וייטע מקומות, פון וואנען זיי זענען אהער געקומען.

*　*　*

**נר. קס"א. (ב. קס"ב).** רבי שמואל ריכט אפ גלות.

א מעשה האט זיך געטראפן. רבי שמואל חסיד איז אמאל געווען אין א מיל כדי צו מאלן ווייץ אויף פסח פאר זיין פאטער רבי קלונימוס. בשעת ער איז געווען אין דער מיל און געמאלן דאס מעל, האט מיט אמאל אנגעהויבן גיין א שלאקסרעגן מיט א וואלקנבראך, וואס האט אלצדינג פארפלייצט, אזוי אז מען האט צוליבן הויכן וואסער נישט געקענט אויף די אייזלען אהיים פירן דאס מעל, אז עס זאל נישט ווערן נאס און אזוי ארום חמצדיק. רבי שמואל האט זיך צוליב דעם שטארק מצער געווען און נישט געוווסט וואס צו טאן. האט ער זיך מיישב געווען און מיט א שם באשאפן א לייב, וואס איז געווען

גרעסער פון א קעמל. דעמאלט האט רבי שמואל גענומען דעם זאק מיטן מעל און אויפגעלאדן אים אויפן לייב, און דערנאך זיך ארויפגעזעצט אויף זיין רוקן און אויף אזא אופן אדורכגעריטן די טיפע וואסערן, ביז ער איז בשלום אהיים געקומען צו זיין פאטערס הויז.

אז דער פאטער האט דערזען ווי זיין זון קומט אן צו רייטן אויף אזא ריזיקן לייב, האט ער ביי זיך געטראכט, מסתמא האט ער אים באשאפן מיט א שם. ער איז דעריבער געווארן אויף אים זייער אין כעס און צו אים אזוי געזאגט: "זאלסט וויסן, אז דו האסט געטאן א גרויסע עבירה דערמיט, וואס דו האסט באשאפן דעם לייב מיט א שם. דו וועסט דערפאר נענש ווערן און אלע דיינע טעג וועסטו נישט האבן קיין קינדער". אז דער חסיד האט דאס דערהערט האט ער זיך זייער מצער געווען, היות ווי ער האט דאך נישט געוווסט, אז דאס איז געווען אזא שווערער חטא. ער האט אפגעווארט צוויי טעג און איז דערנאך אריינגעגאנגען צו זיין פאטער און צו אים געזאגט: "ליבער פאטער, דו זאגסט, אז מיין עבירה איז גרויס, טא וויל איך דיך בעטן, גיב מיר ארויס א תשובה. איך בין דיר מבטיח, אז איך וועל זי מיטן גאנצן הארצן אפהיטן". האט אים זיין פאטער געזאגט: "ליבער זון, די תשובה וואס איך וואלט דיר געגעבן וואלט געווען צו שווער פאר דיר, אז דו זאלסט זי קענען מקיים זיין". האט דער זון דערויף געענטפערט: "ליבער פאטער, כ'וועל אלץ מקבל זיין, וואס דו וועסט נאר אויף מיר ארויפלייגן". האט דער פאטער ווידער צו אים געזאגט: "אויב דו ווילסט האבן כפרה אויף דיין חטא, אזוי וועסטו מוזן זיבן יאר כסדר אפריכטן גלות. דארט ווו דו וועסט טאגן וועסטו נישט איבערנעכטיקן, אחוץ שבתים און יום־טובים. אויב דו וועסט אבער די תשובה ריכטיק מקיים זיין, בין איך דיר ערב, אז דו וועסט האבן כפרה און דערנאך אויך נאך האבן פרומע קינדער". האט דער חסיד, על כן, אויף זיך מקבל געווען די תשובה פון זיין פאטער און האט פולע זיבן יאר אפגעריכט גלות און געלערנט אין דער פרעמד. א טייל זאגן אפילו, אז ער האט אפגעריכט ניין יאר גלות, כדי אויך אפצוקומען פאר די שבתים און ימים־טובים.

איינמאל האט ער זיך אויפגעהאלטן אין א הויז פון א רייכער אלמנה, האט ער צו איר געזאגט: "פארקויף אלץ וואס דו האסט און קויף דערפאר איין לויטער תבואה, ווארים איבער א יאר וועט זיין א גרויס יקרות, וואס קיינער האט נאך אזא יקרות נישט געזען". האט די פרומע פרוי געפאלגט דעם חסיד און פארקויפט אלץ וואס זי האט נאר געהאט און איינגעקויפט דערפאר לויטער תבואה. אז די שטאט־לייט האבן געזען ווי די אלמנה האט אלץ פארקויפט און דערפאר איינגעקויפט לויטער תבואה, האבן זיי ביי איר געפרעגט די סיבה פון דער זאך. האט זי זיי געענטפערט: "דער חכם, וואס איז ביי מיר געווען צוגאסט, האט מיך אזוי געהייסן טאן, ווייל ער האט צו מיר געזאגט, אז איבער א יאר וועט זיין אזא גרויס יקרות, ווי עס איז נאך קיינמאל נישט געווען זינט מענטשן געדענקן".

אז די לייט האבן דאס געהערט, זענען זיי אוועק און האבן אויך אלץ פארקויפט און איינגעקויפט דערפאר לויטער תבואה. האט זיך אבער געמאכט, אז גראד דאס יאר איז געווען אזא זול ווי שוין לאנג נישט, און די לייט האבן פארלוירן א סך געלט ביי דעם קארן, וואס זיי האבן געהאט איינגעקויפט. דער חסיד האט זיך דעריבער שטארק מצער געווען מזומת די היזיקות, וואס די מענטשן האבן געליטן. אין פלוג אבער, האט ער געגלויבט אז דאס יאר וועט זיין א יאר פון הונגער. דערפאר טאקע האט ער נאך אפגעריכט צוויי יאר גלות, כדי דערמיט מכפר צו זיין אויף דער דאזיקער עבירה. אויפן אנדערן יאר אבער איז געווען א הונגער איבערן גאנצן לאנד און דאס איז משמעות דער חסיד אויסן געווען. אין דעם יאר זענען די מענטשן ממש אויסגעגאנגען פאר הונגער.

ווען דאס יאר פון יקרות איז אריבער, איז געקומען א יאר פון זעטיקונג איבערן גאנצן לאנד. בינו לבינו האט דער חסיד געהאט אפגעקומען זיינע זיבן און זיך אומגעקערט אהיים צו זיין פאטער און ווייב. ער האט ווידער געהאט קינדער און געלעבט מיט זיין באשערטער אין גרויס כבוד. זי האט אים געווונען א צווילינג, איינער האט געהייסן רבי אליעזר און דער אנדערער רבי אברהם,ביידע זענען געווארן זיילן פון דער תורה. דערנאך איז צו אים געבוירן געווארן רבי יודא דער פרומער. הקדוש־ברוך־הוא זאל אונדז אלעמען לאזן געניסן זייער זכות. אמן.

*    *    *

**נר. קס״ב (ב. קס״ה)** ר׳ שמואל און דער קמצן.

א מעשה האט זיך געטראפן. רבי שמואל חסיד איז אמאל געקומען קיין קעלן אויפן ריין צו בעטן א נדבה, היות ווי ער איז געווען א גרויסער ארעמאן. ער האט על כן געבעטן הילף ביי קהל פון קעלן, מחמת עס איז אים שלעכט געגאנגען, און דערצו איז ער נאך געווען א מטופל מיט א גרויס הויזגעזינט. האט קהל באשלאסן ארויסצושיקן צוויי תלמידי־חכמים איבערן שטאט, וואס זאלן נעמען ביי די עשירים א מתן־בסתר פון ר׳ שמואלס וועגן. זיי האבן אויף אזא אופן צונויפגעקליבן אן ערך זיבעציק גולדן. האט זיך בשעת מעשה געט־ראפן, אז די צוויי רבנים זענען אריינגעקומען צו א גרויסן עושר און ביי אים גע־בעטן א נדבה. דער דאזיקער עושר איז אבער געווען זייער קארג און א קנאפער בעל־צדקה, האט ער ארויסגענומען פון זיין טאש א גראשן און אים מיט כעס א שליידער געטאן אויף דער ערד און געזאגט צו די צוויי תלמידי־חכמים, אז זיי זאלן דעם גראשן אויפהייבן און אים געבן רבי שמואלן. האט די מעשה זייער פארדראסן די תלמידי־חכמים. זיי האבן דעם גראשן געלאזט ליגן אויף דער ערד און זענען דערנאך אוועק צו רבי שמואלן און אים איבערגעגעבן דאס געלט, וואס זיי האבן געהאט צונויפגעקליבן אין דער קהילה. אגב האבן זיי אים דערציילט די מעשה מיט דעם פרנס, ווי אזוי ער האט מיט כעס

אנידערגעווארפן דעם גראשן אויף דער ערד, וואס זיי האבן אפילו נישט געוואלט אויפהייבן. זאגט צו זיי דער חסיד: "ליבע ברידער, גייט אהין און הייבט אויף דעם גראשן און גיט אים מיר. היות ווי הקדוש־ברוך־הוא האט אויף מיר גוזר געווען, אז איך זאל בעוונותינו הרבים מוזן אנקומען צו א מתנת בשר־ודם, טאר איך הקריבער קיינעמען נישט פארשעמען, צי ער גיט א סך צי ווייניק". זענען, על כן, די צוויי רבנים צוריקגעגאנגען צום עושר און אים איבערגעגעבן די ווערטער פון חסיד. ווי דער פרנס האט דאס געהערט, האט ער געהאט גרויס חרטה וואס ער האט זיך אזוי נאריש אויפגעפירט. ער איז תיכף אוועק צום חסיד און אים געבעטן ער זאל אים מוחל זיין. ער האט דעם חסיד געגעבן א שיינע נדבה אזוי ווי עס האט זיך געפאסט פאר אזא גדול. אויף דעם זאגט דער פסוק "פון דער ווייטן באקומט דער צדיק זיין ברויט".

* * *

נר. קס"ג (ב. קס"ז). ר' שמואל חסיד ביי ירמיה הנביא.

מעשה. עס האט זיך געטראפן, אז בשעת ר' שמואל חסיד איז אמאל אוועק־געגאנגען לערנען אין א ישיבה, זענען צו אים אונטערוועגס צוגשטאנען דריי פארשוינען, וואס האבן געוואלט מיט דעם חסיד מיטגיין. זענען זיי געגאנגען א מהלך וועגס, ביז זיי זענען צוגעקומען צו א גרויסן וואלד, וואס זיי האבן געדארפט אדורכגיין. זענען זיי אזוי זאלבעפערט געגאנגען א גאנצן טאג אינעם וואלד און נישט געוווסט ווו זיי זענען. אז די נאכט איז צוגעפאלן, האט זיך דער חסיד גענומען ארומקוקן דא און דארט, טאמער וועט ער פארט ערגיץ־ווו דערזען א מענטשלעך מקום. נאך א וויל האט ער דערזען א הויז, וואס איז געשטאנען אין מיטן וואלד. האט ער זיין חברותא צוגערופן, אז זיי זאלן צו אים צוקומען און צו זיי געזאגט אזוי: "ליבע פריינד, זייט פריילעך, אט זע איך דארטן שטיין א הויז. זייט אבער געווארנט ביי אייער לעבן דערווייל דארט נישט ארייננצוגיין, איידער איך וועל נישט אליין ארייניגיין און זען, ווער עס געפינט זיך דארט".

און כך הוה. ארייננקומענדיק אינעם הויז האט דער חסיד דערזען א פייער ברענען אין אויוון און ארום שטיין א סך טעפּ, אבער עס איז דארט קיינער נישט געווען. באותו רגע, ווען דער חסיד האט בדעה געהאט ארייננצורופן זיינע חברים, וואס האבן דרויסן געווארט, האט ער פלוצים דערזען פאר זיך שטיין אן אלטן, גרייז־גרויען מאן מיט א שניי־ווייסער בארד. דער זקן האט דעם חסיד שלום געגעבן און דער חסיד האט פון אים שלום גענומען. האט דער זקן געזאגט צום חסיד: "בלייב דא איבערנאכט און איך וועל דיר געבן צו עסן און צו טרינקען". ענטפערט דער חסיד: "אויב איך וועל דא בלייבן, וואס וועט געשען מיט מיינע חברים, וואס דרייען זיך ארום דרויסן אין וואלד?" אויף דעם ענטפערט דער זקן: "דיינע חברים וואס דרייען זיך ארום דרויסן אין

וואלד וואלסטו כ׳לעבן געמעגט לאזן אין דרויסן. זיי האבן כשר פארדינט, אז די חיות רעות פון וואלד זאלן זיי אויפפרעסן, מחמת זיי זענען גרויסע רשעים און האבן געטאן א סך שלעכטס. איך וויל אבער, אז זיי זאלן געניסן פון דיין זכות און דא איבערנעכטיקן. הייס זיי אריינקומען און זאלן זיי אויך עסן און טרינקען. אבער דו זאלסט זיין געווארנט מיט זיי ווייטער נישט צו גיין, אז עס זאל דיר פון זיי, חלילה וחס, עפעס בייז נישט געשען״.

דער חסיד האט טאקע באלד אריינגערופן זיינע חברים און זיי האבן דארט איבערגענעכטיקט. זיי האבן געגעסן צו דער זעט, געטרונקען און זיך געלאזט ווילגיין. נאכן עסן האט זיך דער זקן פארשפארט מיטן חסיד אין א חדר מיוחד און אים מגלה געווען דעם סוד, אז ער איז ירמיה הנביא. ער האט אים אויך געוויזן א סך ספרים, וואס ער האט אנגעשריבן, אלץ לויטער קינות אויף דעם חורבן ירושלים. זאגט ער צו אים: ״אלע טאג גיי איך ארויס אין דעם וויסטן וואלד און קלאג אויפן חורבן ירושלים״.

צומארגנס האט דער חסיד גענומען רשות פונעם זקן אוועקצוגיין. דער זקן האט אים געבענטשט און דערנאך אים געוויזן דעם ריכטיקן וועג ווי אזוי ארויסצוגיין פון וואלד. אנישט וואלט ר׳ שמואל מיט זיינע חברים נאך געמוזט לאנג ארומבלאנקען אין וואלד, וווּ די סכנה פון חיות רעות און גזלנים איז געווען זייער גרויס. אז זיי זענען אוועק פונעם זקן, האט דער חסיד זיך געווענדט צו זיינע חברים און זיי אויסגעזאגט אלץ וואס ער האט וועגן זיי געהערט פונעם זקן, אז זיי זענען גרויסע רשעים און נאר אין זיין זכות האבן זיי געמעגט איבערנעכטיקן אינעם הויז און זענען אזוי ארום ניצול געווארן פון די חיות רעות, וואס וואלטן זיי געוויס צעריסן אויף שטיקער צוליב זייערע שלעכטע מעשים. אז די לייט האבן דאס דערהערט, האבן זיי אנגעהויבן ביטער צו וויינען און געבעטן דעם חסיד ער זאל זיי געבן א תשובה, ווייל זיי האבן חרטה אויף די גרויסע עבירות, וואס זיי האבן געטאן. זיי האבן אויף אן אמת געוואלט חוזר בתשובה זיין. דער חסיד האט זיי געגעבן א תשובה און צו זיי געזאגט: ״זייט וויסן, אז אויב איר וועט נעמען אויף זיך די תשובה וואס איך גיב אייך, וועט אייך זיין גוט און וווּל. עס איז ביי מיר גאר קיין ספק נישט, אז איר וועט זוכה זיין אריינצוקומען אין גן־עדן און האבן אייער חלק עולם הבא. וועט איר אבער די תשובה נישט מקיים זיין ווי עס באדארף צו זיין, אזוי וועט איר דאס יאר נישט אויסלעבן און וועט איינעמען א מיתה־משונה״. האבן די דריי לייט געענטפערט: ״ליבער רבי, אלץ וואס דו וועסט אונדז הייסן טאן וועלן מיר אפהיטן מיטן גאנצן הארץ, גיכער אביסל מער ווי צו ווינציק״.

אזוי זענען זיי צוזאמען געגאנגען ביז זיי זענען אנגעקומען אין דער שטאט, ווו דער חסיד האט בדעה געהאט צו לערנען תורה. וויבאלד זיי זענען נאר אהין אנגעקומען, זענען זיי פארנאכט, צו מנחה־צייט אוועק אין שול און זיך אנידער־געשטעלט פארן ארון קודש און אזוי געררעדט צום עולם: ״רבותים, מיר זענען בעוונותינו הרבים גרויסע פושעים און חוטאים״, און האבן זיך מתוודה געווען

אויף זייערע זינד. "לכן, האבן מיר אויף זיך גענומען די תשובה פון אט דעם חסיד, וואס מיר וועלן מקיים זיין פונקט אזוי ווי ער האט אונדז געבאטן". און זיי האבן תשובה געטאן מיטן גאנצן הארצן.

באלד דערנאך האט דער חסיד ביי נאכט געהערט א שטים, וואס האט צו אים געזאגט: "זאלסט וויסן זיין, אז די תשובה פון די דריי לייט האט הקב"ה פארשאפט א גרויסן נחת־רוח, און זיי זענען אנגעברייט פאר עולם הבא". צומארגנס איז דער חסיד אוועק אין שול אריין און געדרשנט פארן עולם: "לעולם, זאל זיך קיינער נישט מיאש זיין פון רחמים. זאל קיינער נישט טראכטן ביי זיך, איך האב אזוי פיל עבירות, אז איך קאן שוין נישט האבן קיין סליחה. זאל קיינער נישט זאגן, איך וועל נישט טאן קיין תשובה, ווייל זי וועט שוין סיי ווי סיי גארנישט מער פועלן. זאל זיך יעדער איינער אראפנעמען א מוסר־השכל פון אט די דריי לייט, וואס האבן געטאן א סך עבירות און זענען געווען גרויסע רשעים. זיי האבן כשר פארדינט, אז די חיות רעות זאלן זיי פארצוקן, ווי דער זקן האט מיר דאס אליין געזאגט. אבער וויבאלד זיי האבן תשובה געטאן מיטן גאנצן הארצן, ווי איך האב זיי געהייסן, האבן זיי זוכה געווען צו א חלק עולם הבא, גלייך ווי זיי וואלטן קיין מאל נישט עובר געווען אויף דער קלענסטער עבירה. אדרבא, זיי זענען איצט אפילו א סך ריינער געווארן ווי אמאל. האבן שוין אונדזערע חכמים געזאגט, אז דארט ווו עס שטייען בעלי־תשובה קענען אפילו קיין צדיקים גמורים נישט שטיין."[2] די סיבה דערפון איז, וואס דער צדיק גמור איז כל ימיו געגאנגען בדרך הישר, האט קיינמאל נישט געהאט קיין מחשבה זרה און נישט געטאן קיין מעשה רע. אבער דער רשע, וואס האט עובר געווען אויף אלע עבירות פון דער תורה און טוט דערנאך תשובה, האט אויף אזא אופן גובר געווען דעם יצר־הרע, אז ער וועט שוין מער נישט טאן די עבירות פון פריער.

דער חסיד איז דארט פארבליבן דריי יאר לערנען תורה און דערנאך איז ער אוועק בשלום צו זיך אהיים.

* * *

**גר. קס"ד (ב. קס"ח).** א שונא־ישראל שפעט אפ פון ר' שמואלן.

**א מעשה איז געשען.** אמאל האט ר' שמואל יום־כיפור געדאוונט פארן עמוד אין שפייער. איז אין שול אריינגעקומען א גוי, א צורר היהודים, וואס איז געווען דער בעל־יועץ פון הגמון. אז דער רשע האט געזען ווי דער חסיד שטייט אזוי פארן עמוד און דאוונט מיט גרויס כוונה, איז ער געווארן מלא רציחה און זאגט צו די לייט, וואס זענען מיט אים מיטגעקומען: איך קען דאס דאוונען פון דעם ייד נישט פארטראגן! איך מוז דעם חזן, וואס שטייט אזוי

[2] סנהדרין, צ"ט, א. ברכות, ל"ד, ב.

גאטפארכטיק און דאוונט, און הייבט כסדר אויף זיינע אויגן מיט תחנונים צום הימל, אפטאן א רישעות. און נישט לאנג געטראכט, גייט דער רשע צו צום חסיד און שפייט אים אין פנים אריין, כדי אים מבלבל צו זיין אין זיין התלהבות־דיקער תפילה. אבער דער חסיד האט אלץ ווייטער געדאוונט מיט גרויס דבקות, ווי קיינמאל גארנישט. אז דער רשע האט דאס געזען, האט ער באקומען גרויס חרטה אויף די מעשה־רע, וואס ער האט אפגעטאן דעם חסיד. ער ווענדט זיך על כן צו זיינע קנעכט און זאגט צו זיי: איך האב געטאן א גרויסע עוולה, וואס איך האב דעם ייד אזוי מבייש געווען. איך זע בחוש, אז ער איז א ייד, א קדוש און אז זיין תפילה איז אזוי הארציק־דערהויבן און פול מיט דבקות. האב איך פשוט מורא, אז ער זאל מיר נישט עפעס אנטאן. דער רשע האט זיך דאס גאר שטארק גענומען צום הארצן.

אויף צומארגנס נאך יום־כיפור איז דער רשע אוועק צום חסיד און ביי אים געפרעגט פארוואס ער האט נעכטן געדאוונט מיט אזויפיל שמחה און התלהבות. האט אים דער חסיד אויף זיין שטייגער געענטפערט: "ליבער הארר, פארוואס פרעגט איר מיך דאס? האט איר מיך דאך נעכטן אזוי מבזה געווען, ווי נאך קיינער נישט אין מיין גאנץ לעבן. נישט גענוג דערמיט, האט איר נאך פארשוועכט מיט אייער נבזהדיקן געשפעט אונדזער הייליקע שול און דווקא אין אזא פארכטיקן טאג ווי דער, וואס מיר האבן נעכטן געהאט. לויט אונדזער אמונה איז נעכטן געווען דער טאג, ווען גאט ברוך־הוא איז אונדז מוחל אונד־זערע עבירות, אזוי ווי עס שטייט געשריבן אין די הייליקע ספרים. אבער דעם אמת געזאגט, האב איך אין די טיפענישן פון מיין הארץ געלאכט פון אייער חוזק. האב איך בטחון אינעם חסד פון גאט יתבורך, אז ער וועט אונדז מוחל זיין אונדזערע עבירות שוין מחמת דעם בזיון, וואס דו האסט מיר אנגעטאן און אויך צוליב די גרויסע צרות וואס מיר ליידן פון אייערע הענט און וואס מיר זענען מקבל באהבה. דערפאר טאקע האב איך נעכטן תפילה געטאן מיט אזויפיל שמחה און התלהבות".

אז דער חסיד האט געהאט פארענדיקט זיינע רייד, איז דער רשע געווארן אזוי צעמישט, אז ער האט פון גרויסער שרעק נישט געקענט ארויסרעדן קיין ווארט. ער האט נאר געבעטן דעם חסיד ער זאל אים מוחל זיין די בושה, וואס ער האט אים אנגעטאן און זאל פון זיינעטוועגן מתפלל זיין צו גאט ברוך־הוא, אז ער זאל אים פארגעבן זיינע זינד. דערפאר זאגט ער אים צו, אז מהיום והלאה וועט ער שוין אזעלכעס נישט מער טאן. אדרבא, אזוי לאנג ווי ער וועט לעבן וויל ער די יידן אפדינען מיט טובות פאר די עוולות, וואס ער איז לגבי זיי באגאנגען. דער חסיד אליין וועט זיין זיין עדות. דער חסיד האט אים אבער דערויף גארנישט געענטפערט און צום סוף איז דער רשע פון אים אוועק־געגאנגען מיט גארנישט.

אויף דריטן טאג איז דער רשע ווידער געקומען צום חסיד און אים נאך מער געבעטן, אז ער זאל אים מוחל זיין, כדי אים צו באווייזן, אז ער מיינט

דאס וואס ער האט צוגעזאגט, איז דער רשע פון דעמאלט אן געווארן בעסער יעדן טאג. יעדע מסירה וואס מען האט געמאכט אויף יידן ביים הגמון, האט ער געפרווט אויסצולייגן צום גוטן. ער האט דעם חסיד אזוי לאנג מפציר געווען און בשעת מעשה געטאן אזויפיל גוטס יידן, ביז דער חסיד האט צו אים אמאל א זאג געטאן: "זאלסט וויסן זיין, אז דיין חוזק מאכן איז געווען א גרויסע עבירה, אבער אויב דו האסט חרטה מיטן גאנצן הארץ און ווילסט אויף דיר נעמען אזעלכעס נישט מער צו טאן, נאר אדרבא טאן יידן טובות, אזוי וויל איך פאר דיר מתפלל זיין צו גאט ברוך־הוא, אז ער זאל דיר פארגעבן דיינע זינד. קען דאך דער מענטש קיין בעטערע זאך אין זיין לעבן נישט טאן, ווי זיך אפצוהאלטן פון טאן שלעכטס."

אזוי האט דער חסיד תפילה געטאן צו השם יתברך פאר דעם רשע. ער האט זיך צום סוף נאך מגייר געווען און איז געווען באקאנט אלס א גר־צדק. ער האט דערנאך אוועקגעגעבן זיין גאנץ פארמעגן אויף צדקה פאר ארעמע יידן.

* * *

**נר. קס"ה (ב. קס"ט). ר' שמואל איז מבטל א גזר־דין.**

א מעשה, וואס האט זיך פארלאפן. ר' שמואל איז געווען א גרויסער ארעמאן. אמאל האט ער געזאגט צו זיין ווייב: "מיין ליב ווייב, איך זע באשיינפערלעך, אז עס וועט זיין בעוונותינו הרבים א בייזע גזירה אויף די עדה יידן אין שפייער. קום לאמיר מתפלל זיין צו גאט, אפשר וועט ער אויף אונדז רחמנות האבן און מיר וועלן קענען מבטל מאכן די גזירה". בשעת מעשה האט ר' שמואל אנגעזאגט זיין ווייב חלילה קיינעם נישט וועגן דעם אווארט צו זאגן. זיי האבן, על כן, געפאסט דריי טעג און דריי נעכט און הייס מתפלל געווען. אז די דריי טעג זענען אריבער, האט דער חסיד געזאגט צו זיין ווייב: ליב ווייב, לאמיר יעצט זיין פריילעך, ווייל איך זע בחוש, אז גאט ברוך־הוא האט אין זיין גרויס דערבארעמקייט אנגענומען אונדזער תפילה און מבטל געמאכט דעם גזר־דין". באלד דערנאך האט דער חסיד גענומען א יונגן האן, אים געשאכטן און געלאזט אפקאכן.

גראד איז דעמאלט אין חסידס שטוב אריינגעקומען איינער פון זיינע תלמידים און ווי ער האט געזען, אז דער חסיד האט געשאכטן א האן צום נאכטעסן, האט ער זיך שטארק געחידושט און זאגט צום חסיד: "מה היום מיומים? ווי קומט דאס, אז איר עסט הינער אין א פראסטן מיטן וואך? ווייס איך דאך, אז דאס איז נישט אייער סדר, מחמת איר האט דאך בעוונות נישט וואס צו עסן". אז רבי שמואל האט געהערט די דאזיקע רייד פון זיין תלמיד, האט ער צו אים געזאגט: "ליבער זון, איך בין אויף דיר גוזר, אז דו זאלסט שווייגן. אויב די מענטשן אין גאס וועלן הערן, אז מיר עסן הינער וועלן מיר ווערן צו זייער געשפעט". דער תלמיד האט זיך אבער איינגעשפארט און דווקא

געוואלט וויסן די סיבה, פארוואס זיי האבן געקוילעט א האן. ער האט דעם חסיד אזוי לאנג מפציר געווען, ביז ער האט אים מגלה געווען דעם סוד. וויבאלד דער תלמיד האט דאס געהערט, האט ער מחילה געבעטן ביים חסיד, וואס ער האט אים מטריח געווען מגלה צו זיין דעם סוד.

אזוי ארום איז דער גזר־דין מיט דער הילף פון השם יתברך בטל געווארן און טאקע אינעם זכות פון חסיד און זיין ווייב, דער צדיקת, וואס האבן אזוי הייס מתפלל געווען צו גאט. הקב״ה זאל אונדז אלע טעג לאזן געניסן זייער זכות. אמן.

* * *

נר. קס״ו (ב. ק״ע). דער כח פון דער תורה.

א מעשה שהיה. רבי יודא איז שוין אוודאי אלט געווען אכצען יאר איידער ער האט געקענט א ווארט תורה. ער איז געווען א גרויסער עם־הארץ און א ליידיק־גייער. די גאנצע צייט האט ער פארברענגט מיט ארומלויפן און שיסן מיט זיין בויגן־שליידער. ויהי היום און זיין פאטער ר׳ שמואל האט געזאגט, ווי עס איז געווען זיין שטייגער, דעם שיעור אין בית־המדרש. דעמאלט זענען די בחורים צו אים צוגעשטאנען מיט תרעומות און צו אים געזאגט: ״ליבער רבי, אלע אייערע אבות זענען געווען גרויסע תלמידי־חכמים, ווי אייער פאטער רבי קלונימוס און אייער זיידע רבי אפרים, און איר לאזט אייער זון ארומלויפן מיטן פייל און בויגן ווי אן אמתער גזלן״. זאגט צו זיי רבי שמואל זיין פאטער: ״איר זענט כשר גערעכט. איר וועט זען, ווי איך וועל אים שוין אנדערש דערציען״.

אז די בחורים זענען דערנאך אהיים געגאנגען, האט ער צו זיך אריינגערופן זיין זון יודא און זאגט צו אים: ״ליבער זון, ווילסטו דען גארנישט קיין תורה לערנען? איך מוז מיך דאך מיט דיר שעמען!״ זאגט צו אים זיין זון יודא: ״מיין ליבער פאטער, ווער זאגט אז איך וויל נישט לערנען? אדרבא, איך באגער זייער שטארק צו לערנען תורה, נאר בתנאי אז דו זאלסט מיט מיר אזוי לערנען, ווי דו לערנסט מיט די אנדערע בחורים״. אז דער פאטער האט דאס געהערט, האט ער גענומען זיין זון יודא, אים אריינגעפירט צו זיך אין בית־המדרש און אים אוועקגעזעצט לעבן זיך. זיין עלטערן זון רבי אברהם האט ער אויך אוועקגעזעצט לעבן זיך אבער פון דער אנדער זייט. דעמאלט האט ר׳ שמואל ארויסגעזאגט א שם, אז דאס גאנצע בית־המדרש איז מיט א מאל געווארן אנגעפילט מיט א גרויס ליכט, וואס זיין זון יודא איז נישט בכוח געווען צו דערטראגן. ער האט פארדעקט זיין פנים מיטן מאנטל און איז אנידערגעפאלן אויף דער ערד. דערויף זאגט ר׳ שמואל צו זיין זון ר׳ אברהם: ״איצט איז דער שעת־הכושר פון גאט ברוך־הוא פאר מיין זון יודא. איך וויס, אז דו ביסט געווען א גרויסער למדן אלע דיינע טעג, אבער דיין ברודער יודא וועט נאך מער לערנען און דערצו אויך נאך וויסן, וואס עס קומט פאר אויבן

אין הימל און וואס עס טוט זיך אונטן אויף דער ערד. קיין שום זאך וועט פון אים נישט בלייבן פארהוילן. אמת, ער וועט נישט זיין אזא בקי אין דער תורה ווי דו ביסט, דערפאר וועט ער אבער בכוח זיין אויסצופועלן א סך מער ווי דו האסט וועגן עס איז געקאנט פועלן״.

אזוי האט רבי שמואל חסיד אנגעהויבן מיט אים צו לערנען. אלץ וואס ער האט געלערנט, האט ער גלייך געקענט אויף אויסנווייניק. אז די בחורים זענען אויפן אנדערן טאג געקומען צו רבי שמואלן הערן דעם שיעור, האט יודא געפרעגט מער קשיות ווי אלע אנדערע בחורים צוזאמען. איז דאס פאר זיי געווען א גרויסער חידוש. האבן די בחורים צווישן זיך גערעדט: זעט נאר, יענער האט קיינמאל נישט געלערנט און פרעגט יעצט שוין מער קשיות ווי מיר אלע צוזאמען. אז דער שיעור האט זיך געענדיקט, זאגט רבי שמואל צו זיין זון יודא: ״גיי און ברענג מיר דיין פייל־און־בויגן מיט וואס דו האסט כסדר געשאסן״. איז ער אוועק און האט באלד געבראכט דעם פייל־און־בויגן, אזוי ווי דער פאטער האט אים געהייסן. האט רבי שמואל אים גענומען און צעבראכן פאר די אויגן פון די בחורים און געזאגט: ״ליבער זון יודא, ביז יעצט איז דיין אומנות געווען צו שיסן, אבער פון היינט אן זאל די תורה זיין דיין אומנות״. האט ער, על כן, געלערנט תורה מיט גרויס חשק און איז געווארן דער האר רבי יודא חסיד, פון וועמען איר וועט נאך יעצט הערן א סך מעשה־נוראס.

* * *

נר. קס״ז (ב. קנ״ח). דער חסיד און דאס לעמעלע.

א מעשה איז געשען אין רעגענסבורג. אמאל איז רבי יודא געגאנגען איבערן גאס האט אים באגעגנט דער ראש־עירן פון רעגענסבורג, וועמען עס איז נאכגעלאפן א לעמעלע און געהאלטן אין איין מעקען: מע, מע, ווי דאס איז דער שטייגער פון די קליינע לעמעלעך. פרעגט דער ראש־עירן רבי יודא חסיד: ״ליבער רבי, איר זענט דאך א גרויסער ווילקענער און דער עלצטער פון די יידן. ווייסט איר דאך אלץ, וואס עס טוט זיך אויבן אין הימל און אונטן אויף דער ערד. זאגט זשע מיר דעריבער, וואס דאס מעקען פון לעמעלע באטייט, איר פארשטייט דאך כלערליי לשונות״. ענטפערט אים דער חסיד: ״מיין ליבער האר, איך ווייס שוין אפנים יא, פארוואס דאס לעמעלע מעקעט, אבער עס פאסט זיך פשוט נישט דאס צו זאגן״. האט אים דער ראש־עירן לאנג מפציר געווען אים דאס אויסצוזאגן, אבער דער חסיד האט אים כסדר מדחה געווען, ווייל ער האט מורא געהאט, טאמער וועט דערפון חלילה עפעס בייז ארויסקומען. צום סוף האט אים דער ראש־עירן געגעבן זיין ערן־ווארט, אז ער האט גארנישט וואס מורא צו האבן און אים נאך דערויף געגעבן תקיעת־כף. ערשט דעמאלט זאגט צו אים דער חסיד: ״ליבער האר, זייט מיר טויזנט מאל מוחל וואס איך וועל אייך איצט זאגן. דאס לעמעלע מעקעט אזוי שטארק, ווייל עס וויל אייך

דערמיט צעוויסן טאן, אז בשעת איר זענט איצט דרויסן אויף דער גאס, ליגט דערווייל אן אנדערער אין דער היים מיט אייער ווייב. און אז דאס איז אמת, אט גייט אהיים, אזוי וועט איר זיי ביידע נאך כאפן ביי דער מעשה". דער ראש־עירן האט זיך דאס נישט געלאזט צוויי מאל זאגן און איז גלייך אהיים געלאפן. דארט האט ער טאקע געפונען דעם חמץ ביי אנאנד, אזוי ווי דער חסיד האט אים געזאגט. האט ער באלד געשיקט נאכן חסיד און זאגט צו אים: "האב א גרויסן דאנק פאר דעם, וואס דו האסט מיך געלאזט וויסן. דו וועסט אויף דעם קיינמאל קיין חרטה נישט האבן". אלס באלוינונג האט ער דעם חסיד געגעבן א שיינע מתנה און איז געווען זייער גוט צו יידן. אבער וואס אן אמת איז, אויך זיין ווייב איז געווען אומשולדיק ווייל מען האט זי געוואלט מאנס זיין. האט דער ראש־עירן דעם גוי דן געווען אזוי ווי ער האט פארדינט.

* * *

**נר. קס"ח** (ב. קס"ו). רבי אמיתי.

**א מעשה איז געשען. אין די טעג פון רבי יודא חסיד איז געבוירן געווארן א קינד, וואס האט געהאט די אותיות אמת אויסגעקריצט אויף זיין שטערן. האט דער חסיד גענומען דאס קינד צו זיך און עס אויפגעצויגן ביז עס איז געווארן גרויס. אומעטום וווהין ער איז נאר געגאנגען האט ער מיטגענומען דאס יינגל, וואס האט אים געדינט, ווי א קנעכט זיין האר. רבי יודא האט דערנאך מיט אים געלערנט תורה ביז ער איז געווארן א גרויסער תלמיד־חכם און געהייסן רבי אמיתי, וועגן די אותיות אמת, וואס זענען געווען אויסגעקריצט אויף זיין שטערן, א רמז, אז דאס קינד וועט אמאל ווערן א גרויסער למדן. זאל גאט אלע בייזע הערצער מחזיר למוטב זיין. אמן.**

* * *

**נר. קס"ט** (ב. קס"ג). א שבת אין גן־עדן.

**א מעשה האט זיך געטראפן. רבי יודא חסיד האט געוואלט א שידוך טאן** מיט זיין טאכטער, ווייל עס איז אים נישט געווען ניחא, אז זי זאל כסדר האבן **צו טאן מיט אויסלייען געלט און נעמען משכנות, א מסחר, וואס האט זי געשטעלט אין א גרויסער סכנה. האט דער פאטער אמאל געזאגט צו זיין טאכטער: "זאלסט וויסן, אז איך האב בדעה דיר צו געבן א מאן". האט די טאכטער געענטפערט: "און ווער וועט האנדלען מיט די משכנות, אויב איך וועל חתונה האבן?" זאגט צו איר דער פאטער: "דערפאר טאקע וויל איך דיר געבן א מאן, וואס זאל דאס טאן". רופט זיך אן די טאכטער: "ליבער פאטער, אויב דו האסט שוין יא בדעה מיר צו געבן א מאן, טא זאל ער כאטש זיין א תלמיד־חכם, ווייל עס שטייט דאך געשריבן, אז ווער עס גיט אויס זיין טאכטער**

פאר אן עם־הארץ איז געגליכן ווי ער וואלט זי געבונדן און אוועקגעלייגט פאר א לייב״[3]. די טאכטער האט זיך באנוצט מיט כלערליי תירוצים, אבער ער האט דערפון גארנישט געוואלט הערן. זי האט מיט אים אזוי לאנג איינגע־טענהט, ביז ער איז געווארן אויף איר אין כעס און א שבועה געטאן, אז זי וועט מוזן באלד חתונה האבן. ״מיין ליבע טאכטער, — האט דער חסיד צו איר געזאגט, — עס וועט דיר גארנישט העלפן. איך האב שוין יעצט א שבועה געטאן, אז דו וועסט חתונה האבן״. זאגט צו אים די טאכטער: ״אויב דו האסט שוין יא געשווירן, וועל איך דיין שבועה, אסור מיר, נישט ברעכן. אבער ליבער פאטער, ווילסטו מיך שוין יא פירן אונטער דער חופה, זע למען השם, אז מיין חתן זאל טאקע זיין א תלמיד־חכם״. ענטפערט איר דער פאטער: ״גוט, מיין טאכטער, אט וועל איך אריינגיין צו דעם אנדערן חסיד, וואס איז אין שטאט און וועל מיך מיט אים וועגן דעם מיישב זיין״.

נישט לאנג געטראכט, איז רבי יודא אוועק צום אנדערן חסיד און אים גראד אנגעטראפן ווי ער זאגט דעם שיעור. נאכן שיעור איז יעדער פון די בחורים אריין צו זיך אין זיין חדר. דעמאלט וועגדט זיך רבי יודא און זאגט צום אנדערן חסיד: ״ליבער, האט איר אפשר צווישן אייערע בחורים א גוטן בן־תורה?״ ענטפערט אים יענער: יא. איך האב גראד דא צוויי בחורים מיט גוטע קעפ, פיינע בן־תורהס, דער איינער הייסט ר׳ יוחנן און דער אנדערער ר׳ חנינה״. גייט רבי יודא אהיים צו זיין טאכטער און דערציילט איר, אז דער ראש־ישיבה האט צוויי גאר פיינע בחורים,ביידע גוטע קעפ, דער איינער הייסט ר׳ יוחנן און דער צווייטער ר׳ חנינה, און ער גיט צו, אז ר׳ חנינה האט שוין זוכה געווען צו וואס קיין שום ילוד אישה איז נישט אזוי לייכט זוכה. פרעגט אים די טאכטער: ״ליבער פאטער, זאג מיר טאקע, איז ער גוט צי שלעכט?״ ענטפערט איר דער פאטער: ״מיין ליבע טאכטער, דאס וויס קיין שום מענטש נישט כל זמן ער לעבט״. דעמאלט זאגט צו אים די טאכטער: ״אויב אזוי, וועל איך טאקע נעמען ר׳ חנינהן פאר א מאן״. באלד אויף צומארגנס איז ר׳ יודא אוועקגעגאנגען צום אנדערן חסיד אין דער ישיבה און צוגעווארט ביז אלע בחורים וועלן אהיים גיין. דעמאלט האט ער געבעטן ר׳ חנינהן צו בלייבן, ווייל ער האט עפעס מיט אים צו רעדן. פרעגט אים דער חסיד: ״ליבער, טראכסטו גארנישט צו נעמען א ווייב?״ ענטפערט אים ר׳ חנינה: ״לעת עתה נאך נישט, מחמת איך האב נאך נישט געגוג תורה געלערנט״. זאגט צו אים דער חסיד: ״זאלסט וויסן, אז עס איז דיר באשערט זיך מיט מיר מתחתן צו זיין און נעמען מיין טאכטער פאר א ווייב״. ענטפערט אים ר׳ חנינה מיט עניוות: ״ניין, מיין ליבער רבי, איך בין דאך דערצו גארנישט ראוי״. האט אבער דער חסיד דערפון גארנישט געוואלט הערן און א שבועה געטאן, אז עס מוז אזוי זיין. דעמאלט זאגט צו אים ר׳ חנינה: ״אויב שוין יא אזוי, טא

---

[3] פסחים, מ״ט, ב׳.

וועל איך איר געבן מתנות הכלה און מיט איר תנאים שרייבן. אבער דערווייל וויל איך זי נאך נישט פירן צו דער חופה, ביז איך וועל נישט האבן געענוג תורה געלערנט. ערשט דעמאלט ווען איך וועל אי״ה צוריקקומען, וועל איך מיט מזל שטעלן א חופה״. איז דער חסיד אוועק צו זיך אהיים און די אלע רייד איבערדערציילט זיין טאכטער. מען האט באלד מיט מזל תנאים געשריבן און אפגערעדט דעם זמן־חתונה. דער גוטער ר׳ חנינה איז תיכף אוועק לערנען און השם יתברך האט אים געהאלפן, אז ער איז אנגעקומען צו א רבין, א גדול בישראל, וואס האט געוווינט א מרחק פון מער פון הונדערט מיילן פון רעגענסבורג. אין דער פרעמד איז יעצט ר׳ חנינה געזעסן און געלערנט מיט גרויס התמדה און אין דער היים האט מען שוין מער גארנישט פון אים געהערט.

האט זיך געמאכט, אז רבי יודא און דער אנדערער חסיד האבן געזען אין חלום, אז רבי חנינה וועט נישט קענען קומען אהיים צו דעם אפגעשמועסטן זמן חתונה. האט זיך דער חסיד דעריבער שטארק מצער געווען און געוויינט טאג און נאכט. אז די טאכטער האט דערפון געהערט, האט זי נאך מער געוויינט ווי איר פאטער. האט זי דאך מלכתחלה גארנישט געוואלט הערן פון חתונה האבן, אבער אצינד איז איר דאס ווארטן געווארן צו לאנג. מאכט צו איר דער פאטער: ״ליבע טאכטער, דו זאלסט נישט קלאגן און וויינען. קומט דיין באשערטער נישט צום זמן חתונה אזוי ווי מען האט אפגערעדט, וועל איך דיר געבן אן אנדערן פאר א מאן״. סוף דבר, די צייט איז געקומען און דער חתן איז אלץ נאך נישטא געווען. האט מען זי, בדלית ברירה, פארקנסט מיט אן אנדערן. אין דער אמתן איז יענער גארנישט ראוי געווען, אז ער זאל זי פירן אונטער דער חופה, און דערפאר האט זי טאג און נאכט געקלאגט און געבעטן השם־יתברך, אז ער זאל אויף איר האבן רחמנות און אהיים ברענגען בשלום איר באשערטן.

הקיצור, כמעט צען יאר זענען אריבער ווי קיינמאל גארנישט, זינט ר׳ חנינה איז אוועק פון דער היים און געלערנט תורה אין דער ווייטער שטאט. צום סוף איז ער געווארן א גדול בתורה ווי זיין רבי. ויהי היום און ר׳ חנינה מיט זיין רבין זענען מחולק געווען אין אן ענין, האט ר׳ חנינה גענומען נאכקוקן אין א ספר און דארט גראד געפונען דעם נאמען פון רבי יודאן דערמאנט. מיט אמאל איז אים איינגעפאלן, אז ער האט דאך געזאלט חתונה האבן מיט זיין טאכטער. האט ער נאכגעקוקט דעם זמן און אויסגעפונען, אז ער פאלט טאקע אויס אויף דעם זונטיק תחילת וואך, וואס קומט. נעמט ר׳ חנינה בארעכענען דעם מרחק, אזוי זעט ער באשיינפערלעך, אז עס זענען מער ווי הונדערט מיילן פון דארט ביז קיין רעגענסבורג. האט ער דערפון געהאט גרויס צער און איז תיכף אוועק צו זיין רבין, וואס איז אגב אויך געווען א נביא, און פאר אים אויסגעגאסן זיין ביטער הארץ. זאגט צו אים דער רבי: ״זאלסט וויסן, אז אויב דו וועסט נישט אהיים קומען צו דער חתונה, וועט אן

אנדערער פירן דיין כלה צו דער חופה און עס וועט אויסקומען, אז די קינדער וועלן חלילה זיין אייטל ממזרים — און דאס טאקע נאר צוליב דיין שולד״.
ביי די ווערטער איז ר׳ חנינה אויסגעבראכן אין א ביטער געוויין און געזאגט צו זיין רבין: ״ליבער רבי, גיט מיר אן עצה, וואס איך זאל טאן״. ענטפערט אים דער רבי: ״איך וועל דיר זאגן, וואס דו זאלסט טאן. נעם מיט דיר עטלעכע פון מיינע בעסטע בחורים און מארגן גאנץ פרי, ווען עס וועט נאר אנהייבן טאגן, לאז דיך אין וועג אריין, אפשר וועט השם־יתברך טאן מיט דיר א חסד און דיך אהיים ברענגען צו דער ריכטיקער צייט.״

ר׳ חנינה האט זיך, על כן, צוגעקליבן פופציק גוטע בחורים, זיך געלאזט בענטשן פון רבין און גענומען פון אים רשות אוועקצוגיין. עס איז געווען פרייטיק באלד אין דער פרי, בעת זיי האבן זיך געלאזט אין וועג אריין. זיי זענען אפגעגאנגען גאר א לאנגן וועג, ביז זיי זענען צוגעקומען צו א גרויסן בארג. זייענדיק זייער מיד, האט זיך ר׳ חנינה גענומען אויסרוען צופוסנס פון בארג, בעת זיינע חברים זענען ארויף אויפן שפיץ בארג, זיך דארט אנידערגעלייגט און אנטשלאפן געווארן. אזוי האבן זיי אלע פעסט געשלאפן ביז כמעט צום זונפארגאנג. מיט אמאל האט זיך איינער פון די בחורים אויפגעכאפט און אויפגעוועקט די אנדערע. זיי האבן גערופן ר׳ חנינהן, אבער ער האט זיי נישט געענטפערט. האבן זיי פשוט נישט געוווסט ווו ער איז אהינגעקומען. האבן זיי ביי זיך געטראכט: לאמיר בעסער ווייטער גיין, אפשר וועט אונדז הש״י העלפן און מיר וועלן ביי צייטנס אנקומען אהיים און אויפהאלטן די חופה. אזוי זענען זיי ווייטער געגאנגען און אז זיי האבן זיך שוין געהאט דערווייטערט א מהלך פון א שעה־צייט, איז אויך ר׳ חנינה אויפגעוואכט. ער איז ארויף אויפן בארג, אנגעהויבן רופן זיינע בחורים, אבער קיינער פון זיי איז שוין דארט מער נישט געווען. האט זיך אונדזער ר׳ חנינה זייער שטארק מצער געווען און אנגעהויבן צו וויינען. ער האט זיינעביידע הענט אויפגעהויבן צום הימל און געבעטן גאט־ברוך־הוא אים צו העלפן. באלד האט ער גענומען ווייטער גיין און ביי זיך געטראכט, אפשר וועט הש״י מיך פארט דערהערן און מיך ביי צייטנס ברענגען אהיים קיין רעגענסבורג. אדער אפשר וואלט גאר גלייכער געווען, אז איך זאל אריינגיין אין א הארבעריק איבער שבת, איידער חלילה מוזן מחלל שבת זיין. מיט אמאל האט ער דערזען א גרויסן וואלד. האט ער ביי זיך געטראכט, אוודאי זענען אינעם וואלד פאראן א סך גזלנים, וואס וועלן מיך חלילה הרגענען. פונדעסטוועגן איז גלייכער אז איך זאל אויף אזא אופן אומקומען, איידער חס ושלום מחלל שבת צו זיין. אזוי איז ער ווייטער געגאנגען און אז ער איז ארויסגעקומען פון וואלד האט די זון שוין אנגעהויבן זיך אראפצולאזן. האט ער ביי זיך געטראכט: באלד וועט זיין שבת, וועל איך מיך ליבערשט אנידערלייגן אונטער א בוים און דארט שבת האלטן.

אויף איינמאל האט ער דערזען פאר זיך שטיין א שיין הויז. האט ער ביי זיך געטראכט, אינעם הויז זענען זיכער פאראן גזלנים און זיי וועלן מיך טויטן.

פארט איז בעסער, אז איך זאל אומקומען, איידער חלילה מחלל שבת צו זיין. איז ביי אים, על כן, געבליבן צו האלטן שבת אין דעם הויז, און נישט לאנג געטראכט איז ער דארט אריינגעגאנגען. ער האט פאמעלעך אויפגעמאכט די טיר און זיך גענומען ארומקוקן. האט ער דערזען פיר קאמערן אויף יעדער זייט פון דער שטוב. האט ר׳ חנינה אויפגעעפנט די איינע טיר פון דער קאמער, וואס איז געווען אויף דער מיזרח־זייט און דארט אריינגעקוקט. האט ער דארט דערזען שטיין א שיין בעט. פון דאנען האבן ווידער טירן געפירט אין ווייטערדיקע דריי קאמערן, איינע שענער פאר דער אנדערער. איז ר׳ חנינה אריינגעגאנגען אין אן אנדער קאמער, זענען דארט אויך געשטאנען שיינע בעטן. די בעטציכן זענען געווען פון טייערע זייד און דער בעטקאסטן פון זילבער און אויך די דיל איז געווען געפלאסטערט מיט לויטער זילבער. אין דעם הינטערשטן חדר איז געזעסן אויף א טייערן שטול אן אלטער מאן מיט א ספר תורה אין דער האנט. זיין בארד איז געווען לאנג און האט געגרייכט ביז צו דער ערד. אים אנטקעגן איז געשטאנען א צווייטער שטול אויף וואס ר׳ חנינה האט זיך אנידערגעזעצט. ער האט זיך געזאגט: ס׳איז בעסער, אז איך זאל דא בלייבן און זיך צוהערן צו די דברי תורה, איידער חלילה אין דרויסן מחלל שבת זיין.

אז שבת קודש האט זיך דערנענטערט, איז דער שמש פונעם הויז צוגעגאנגען צום זקן און אים געפרעגט: ״איז שוין צייט, אז איך זאל קלאפן ׳אין שול אריין׳ און אנצינדן די ליכט?״ ענטפערט אים דער זקן: ״יא, ווי דו פארשטייסט!״ נאך א ווייל איז דער שמש ווידער אריינגעקומען מיט א טייער וואסער, מיט וואס ער האט אפגעצוואגן דעם זקן לכבוד שבת. אזוי האט ער אויך געטאן מיט ר׳ חנינהן. האט זיך ר׳ חנינה געטראכט: דאס וואסער איז באמת זייער גוט, עס שמעקט מיט די פיינסטע בשמים. אז דער שמש האט געהאט ביידע אפגעצוואגן, איז ער ווידער ארויס פון חדר. אין א פאר מינוט ארום איז ער ווידער צוריקגעקומען און גענומען קלאפן אין שול אריין. באלד זענען אינעם חדר אריינגעקומען זיבן אירע און מיטן שמש זענען זיי געווען אכט. צוזאמען מיטן זקן און ר׳ חנינהן זענען זיי פונקט געווען א מנין. באלד דערנאך איז דער זקן אויפגעשטאנען און אנגעהויבן צו זאגן א תפילה. ר׳ חנינהן האט דער שמש גענומען און אים געוויזן דעם וועג. אלע אנדערע האבן געוווסט וווהין צו גיין.

אזוי גייענדיק זענען זיי אריינגעקומען אין די שול. אלץ איז דא געווען פון לויטער איידלשטיין, פון א זעלטענער עשירות און שיינקייט. ר׳ חנינהן האט דער שמש אוועקגעזעצט לעבן דעם זקן. באלד איז דער זקן אויפגעשטאנען און זיך געשטעלט מקבל שבת זיין. ר׳ חנינהן האט זיך אויסגעדוכט, אז ער האט קיינמאל אין זיין לעבן נישט געהערט קיין שענער און מתיקותדיקער קול ווי דאס; עס האט געקלונגען ווי די פיינסטע ארגלען און פייפלעך. מען האט מקבל שבת געווען פונקט אזוי ווי ביי אונדז. נאכן דאווענען האט זיך ר׳ חנינה ארומגעקוקט אויף אלע זייטן כדי צו זען צי עס זענען פאראן אין דער שול

ארגלען און פייפלעך צי סתם משוררים, וואס העלפן אונטער דעם חזן מיט זייערע זיסע קולכלעך. ער האט אבער גארנישט געזען אחוץ דעם חזן. די איבעריקע מתפללים האבן געשוויגן. פלוצים האט ער פארנומען א בת־קול פון הימל, וואס האט געשעפטשעט: "א, גאט מיין גאט, עס איז דיר באוווסט, אז איך בין תמיד גרייט צו טאן דיין רצון, נאר דער יצר הרע רעדט מיך כסדר אפ. גאט, זיי דערבארעמדיק און לאמיך זוכה זיין צו יראת שמים". באלד דערויף האט ר' חנינה פארנומען א צווייט קול, וואס האט צו אים גערעדט בזה הלשון: רבי חנינה, זיי דיך נישט מצער. זיי וויסן, אז דו וועסט מיט מזל ביי צייטנס אנקומען אהיים קיין רעגענסבורג!

אז מען האט געהאט אפגעדאווענט, האט זיך דער זקן ווידער אנידערגעזעצט אויף זיין שטול און דער שמש האט זיך גענומען גרייטן צום טיש. אויך ר' חנינה האט זיך אוועקגעזעצט אויף זיין שטול ווי פריער און צוזאמען מיטן זקן האבן זיי נאך א ווייל געלערנט, בעת די אנדערע מתפללים זענען ארויף אין הימל. באלד האט דער שמש אוועקגעשטעלט אויפן טיש גאר טייערע כלים פון זילבער און גאלד און אריינגעטראגן א ווײַן, וואס האט געשמעקט מיט כלערליי בשמים פון גן־עדן. עס איז געווען א טייערער ווײַן, וואס מען רופט אן יין קפריסין. אז דער טיש איז שוין געווען געגרייט, מאכט דער שמש צום אלטן מאן: שטייט אויף צו נטילת ידים. האט דער זקן זיך געוואשן צום עסן און נאך אים ר' חנינה און ביידע האבן זיך דערנאך אוועקגעזעצט צום טיש. באלד האט דער שמש אנגעהויבן צו דערלאנגען פון כל טוב, די טייערסטע מאכלים, וואס קיין שום ילוד אישה האט אזוינס נאך נישט געזען, אדער גאר עפעס דערפון געהערט. צו יעדן מאכל האט מען דערלאנגט א ווײַן, וואס איז נאך געווען בעסער ווי דער פריערדיקער. אז ר' חנינה האט געהאט אפגעגעסן און אויסגעטרונקן, האט ער זיך ווידער אמאל דערמאנט וועגן זיין כלה; ער האט אבער געשוויגן און אלצדינג מקבל באהבה געווען, ווייל עס איז דאך אים אזוי בעסער געווען ווי ווען ער וואלט געמוזט ליגן חלילה איבער שבת אויפן פעלד. אז זיי האבן געהאט פארענדיקט די סעודה, האט דער שמש אריינגעפירט ר' חנינהן אין א שלאף־קאמער. דארטן איז געשטאנען א גארפונקלשטיין, וואס האט געלויכטן א גאנצע נאכט ווי העלער טאג. האט זיך ר' חנינה אנידערגעלייגט שלאפן אויף א בעט, וואס איז געשטאנען אויף פיר גילדענע רעדלעך. די קישענס זענען געווען אויסגעהאפטן פון לויטער פערל און די ליילעכער זענען געווען פון ריינעם זייד.

אויף צומארגנס איז ר' חנינה אויפגעשטאנען און זיך א ווייל צוגעהערט צום לערנען פון זקן. באלד איז געקומען דער שמש און גערופן 'אין שול אריין'. אז זיי זענען געקומען אין שול אריין, האט זיך דער חזן ווידער אמאל אוועקגעשטעלט דאווענען. נעכטן אויף־דער־נאכט זענען זיי געווען אכט אירע ביים קבלת שבת, היינט אבער צו שחרית זענען געקומען זעכצן אירע, וואס האבן אגב צוגעהאלטן דעם חזן. בסך־הכל זענען עס געווען צוויי־און־צוואנציק

שטימען, וואס האבן זיך מיט זייער מתיקות דערהויבן ביזן סאמע הימל. נאכן אויסנעמען פון ספר־תורה האט מען געלייענט די סדרה פון דער וואך און אלס כוהן אויפגערופן אהרון הכוהן, אלס לוי משה רבנו און דערנאך די איבעריקע מתפללים. אויך ר׳ חנינה איז עולה לתורה געווען. נאך דער תפילה האבן אהרון און דער זקן געדרשנט פאר דעם עולם און ר׳ חנינה איז געזעסן און אלץ געשוויגן. באלד דערנאך האט דער שמש ווידער גערופן צו דער שבתדיקער סעודה, ווו עס איז געווען אנגעגרייט פון אלעם גוטן. נאכן עסן איז מען צוריק געגאנגען אין שול אריין ווו מען האט געדאווענט מנחה. נאך דער תפילה האט איינער געהאלטן א דרשה ביז עס איז געווען צייט צו דאווענען מעריב. ווידער אמאל איז דער זקן אויפגעשטאנען און געדאווענט פארן עמוד. אז ער האט געהאט אפגעדאווענט, האט ער זיך אויסגעדרייט צו ר׳ חנינהן און אים געגעבן שלום. ר׳ חנינה האט אים אפגעגעבן שלום און מען האט דערנאך הבדלה געמאכט. צו דער פולער וואך זענען אלע נעלם געווארן און אפילו דער שמש איז אויך אוועקגעגאנגען. איז אים ר׳ חנינה נאכגעלאפן און אנכאפנדיק אים ביי דער פאלע, זאגט ער צו אים: ״ליבער, זאג מיר כ׳בעט דיך, ווער זענען עס דאס אט די פארשוינען און ווער ביזטו אזוינס?״ ענטפערט אים יענער: זאלסט וויסן, אז איך בין אליהו הנביא, דער חזן, וואס האט געדאווענט פארן עמוד איז געווען משה רבנו; די אנדערע זענען די אבות, אברהם, יצחק און יעקב און דער אלטער מאן איז ירמיה הנביא. אז ר׳ חנינה האט דאס דער־הערט, האט ער זיך שטארק דערשראקן און אפגעלאזט דעם שמש. דערויף האט אים דער זקן צוגערופן צו זיך און אים געזאגט: ״קום אהער, לאמיר ווידער לערנען תורה״. איז ר׳ חנינה צו אים צוגעגאנגען און דער זקן האט אים געלערנט כל התורה כולה און אים אויך אויסגעלערנט שבעים לשונות.

אז ר׳ חנינה האט שוין אלצדינג געקענט, מאכט צו אים דער זקן: קום, לאמיר איצט עפעס טועם זיין. נאך דעם עסן האט ר׳ חנינה אנגעהויבן ביטער צו וויינען און דערציילט דעם זקן אלצדינג, וואס איז מיט אים געשען. ער זאגט צום זקן: ״ליבער רבי, גיט מיר אן עצה וואס איך זאל טאן״. ענטפערט דערויף דער זקן: ״אוודאי ווייס איך, אז דיין כלה וועט מארגן גיין אונטער דער חופה מיט אן אנדערן, אויב דו וועסט נישט ביי צייטנס אהיים קומען. טו על כן אט וואס. שטיי מארגן אויף גאנץ פרי און פארקירעווע דיך פון דאנען אויף לינקס אזוי וועסטו צוקומען צו א וואלד. דארט וועסטו באלד געפינען די פופציק בחורים, וואס דו האסט פארלוירן. זיי וועלן זיך פרייען דיך ווידער צו זען. באלד דערנאך וועט אנקומען א וואלקן, וואס וועט אראפנידערן צו דיינע פיס. זעץ דיך אריין אין וואלקן מיט דיינע פופציק בחורים, מחמת דער וואלקן וועט מיט אייך אוועקפליען און כהרף עין ברענגען קיין רעגענסבורג״.

רבי חנינה איז פון אים אוועקגעגאנגען און זיך געלייגט שלאפן. צומארגנס, ווי עס האט נאר אנגעהויבן טאגן, איז ער אויפגעשטאנען און זיך געלאזט פונעם זקן בענטשן. ער האט פון אים דערנאך גענומען רשות און געגאנגען,

אזוי ווי דער זקן האט אים געהייסן. וויבאלד ער איז צוגעקומען צום וואלד אזוי האט ער באלד טאקע געפונען זיינע בחורים, וואס האבן זיך מיט אים זייער געפרייט. זיי האבן אים געגעבן שלום און ער האט זיך דערפאר ביי זיי גאר ליבלעך באדאנקט. אז זיי זענען מיטאנאנדער געגאנגען א שטיקל וועגס, איז פלוצים אנגעקומען צו פליען א וואלקן פון הימל און זיך אראפגעלאזט זיי צופוסנס. זיי האבן זיך תיכף ארייגעזעצט אינעם וואלקן, וואס האט זיי גיך אוועקגעטראגן קיין רעגענסבורג.

עס האט זיך גראד געמאכט, אז צו דערזעלביקער צייט איז רבי יודא חסיד ארויסגעגאנגען הינטערן שטאט זיך מכין זיין, ווארים פארצייטנס זענען די בית־הכסאס געווען דרויסן אויפן פעלד. האט ער מיט אמאל דערזען ווי עס קומט אן א וואלקן מיט א סך לייט דערינען. האט ער תיכף געשיקט רופן דעם אנדערן חסיד, אז ער זאל ארויסקומען און בייוווינען דעם גרויסן חידוש. זענען זיי ביידע געשטאנען פארחידושטע און געזען ווי דער וואלקן מיט דעם עולם בחורים לאזט זיך אראפ אויף א הויכן בארג הינטער דער שטאט. זענען באלד די ביידע חסידים ארויפגעלאפן אויפן בארג, כדי צו זען וואס פאר אן עולם עס איז דארט אנגעקומען. אויף איינמאל איז ר׳ חנינה מיט זיינע בחורים ארויסגעקומען פונעם וואלקן. רבי יודא האט באלד דערקענט זיין איידעם ר׳ חנינה און איז אים ארויפגעפאלן אויפן האלדז, אים געקושט און אזש געוויינט פאר פרייד. יעצט האט ער אים שלום געגעבן און ר׳ חנינה האט פון אים שלום גענומען. דעסגלייכן האט אויך געטאן דער אנדערער חסיד. זיי האבן אים גענומען אויספרעגן וואס ער האט געלערנט, ווייל ער איז דאך אוועק געווען אזא לאנגע צייט. האבן די בחורים דערציילט, אז ער קען כל התורה כולה און דערצו נאך שבעים לשונות און איז אויך א נביא. דעמאלט איז רבי יודא חסיד געפאלן צו זיינע פיס און אים פון דאסניי געקושט. ערשט יעצט האט ער געשיקט רופן זיין טאכטער, אז זי זאל קומען מקבל פנים זיין איר חתן, וואס איז אקארשט אנגעקומען מיט א גרויסן עולם. אזוי איז אויך די טאכטער באלד ארויסגעקומען. אז די האט דערזען ר׳ חנינהן האט זי זיך פאר אים אנידערגעווארפן, געקושט זיינע פיס און געוויינט פאר גרויס שמחה. דערנאך האט אים רבי יודא חסיד געפירט מיט גרויס פאראד אין שטאט אריין און מיט מזל געשטעלט די חופה. זיי האבן געגעסן און געטרונקען די גאנצע שבע ברכות און זיך געלאזט ווילגיין. זאל מען נישט פארגעסן, אז אין דער אמתן איז שוין אלץ געווען צוגעגרייט, אז די טאכטער זאל גיין אונטער דער חופה מיט אן אנדערן, אויב ר׳ חנינה וואלט נישט געקומען געקומען בייצייטנס אהיים. על כן איז געקומען א גרויסער עולם לערנען תורה ביי רבי חנינהן. הקדוש־ברוך־הוא זאל אונדז זייער אלעמענס זכות אלע צייטן לאזן געניסן. אמן סלה.

* * *

נר. ק"ע. (ב. קס"ד). דער עונש פאר שערן זיך די בארד.

א מעשה איז געשען אין שפייער אין די טעג פון רבי יודא חסיד. אין שפייער האט געוווינט אן אנגעזעענער באלעבאס, א ייד א גרויסער עושר, וואס פלעגט זיך כל ימיו שערן די בארד מיט א שער, וואס די הייליקע תורה האט אונדז געאסרט. אז רבי יודא האט זיך דערפון דערוווּסט, האט ער אים כסדר געמוסרט און צום סוף אים געאסרט, דאס מיין נישט צו טאן. אבער דער עושר האט זיך דערפון גארנישט געמאכט און געטענהט, אז ער איז א מפונק און קען נישט פארטראגן צו האבן א בארד. האט אים דער חסיד מתרה געווען און געזאגט: "זע, דו ווילסט מיך נישט הערן. נאך דיין טויט וועלן קומען שדים, גאט זאל אונדז באהיטן, וואס זען אויס ווי גרויסע קי און וועלן אויף דיר ארומטרעטן. שטייט דאך אין פסוק "לא תקיפו פאת ראשכם ולא תשחיתו[4]", וואס איז דער טייטש: איר זאלט נישט אפשניידן די עקן פון אייער קאפ און זיי נישט פארדארבן, מאכן די ראשי תיבות "פרות" (קי).

ויהי היום און דער עשיר איז געשטארבן, האבן די עלצטע פון שפייער געוואכט ביים מת א גאנצע נאכט, אזוי ווי דער מנהג איז. איז רבי יודא חסיד געקומען צוגייען מיט א שם אין דער האנט און אים ארויפגעווארפן אויפן מת. מיט אמאל האט זיך דער מת אויפגעשטעלט, אזוי אז פאר גרויס שרעק זענען זיך אלע ארומיקע מענטשן צעלאפן. האט דער מת אנגעהויבן צו שרייען, זיך פאר גרויס צרות געריסן די האר פון קאפ און דאס פנים צעקראצט. פרעגט אים דער חסיד: "וואס איז די מער מיט דיר, וואס דו שרייסט אזוי און רייסט דיר די האר פון קאפ?" ענטפערט אים דער מת: "ווי איז מיר, וואס איך האב דיך נישט געפאלגט און האב ווידערשפעניקט דיינע רייד". זאגט צו אים דער חסיד: "ליבער, זאג מיר וואס האט מען געטאן מיט דיין נשמה, אז זי איז ארויס פון דיין גוף?" ענטפערט דער מת: "אז די נשמה איז ארויס פון מיין גוף, איז געקומען א שד אין דער געשטאלט פון א ריזיקער קו און האט געבראכט א כלי פול מיט שוועבל און סמאלע און ארייננגעווארפן דערין מיין נשמה, אזוי אז איך האב שוין פון דארטן נישט מער געקענט ארויס. באלד דערנאך איז געקומען א מלאך און האט גענומען דאס כלי מיט מיין נשמה פונעם שד און דאס געבראכט פאר הקדוש־ברוך־הוא דעם באשאפער פון אלע נשמות. מיט אמאל האב איך פארנומען א קול פון הימל, וואס האט צו מיר געזאגט: האסטו אמאל געלערנט חומש אדער גמרא? ענטפער איך, יא. אזוי האט מען גיך געהייסן אריינברענגען א חומש און מע זאגט צו מיר: נא דיר, לייען! ווי איך האב דאס חומש אויפגעמישט, האב איך דערזען דעם פסוק "ולא תשחיתו את פאת ראשכם", וואס איז דער טייטש, איר זאלט נישט פארדארבן די עקן פון אייער קאפ, וואס מיינט, דו זאלסט נישט לאזן אפשערן די פיאות אזוי ווי דער עשיר האט געטאן. דעמאלט האט מען מיך געפרעגט מיט וואס פארענטפערסטו

[4] ויקרא, י"ט, כ"ז.

דאס, וואס דו האסט עובר געווען אויף א לאו אין דער תורה? האב איך אויף דעם קיין תשובה נישט געהאט. באותו רגע האב איך ווידער דערהערט א קול, וואס האט אויסגערופן מיין משפט: ווארפט אריין זיין נשמה אין די טיפענישן פון גיהנום! און בעת מען האט גענומען אוועקטראגן מיין נשמה כדי איר מקיים פסק צו זיין, האט זיך ווידער דערהערט א קול, וואס האט אויסגערופן: ווארט נאך א וויילע מיט דער נשמה, טראגט זי נאך נישט אראפ אין די טיפענישן פון גהינום ווייל רבי יודא חסיד מיין זון באדארף אים נאך צו האבן. עס איז געווען גלוי וידוע פאר גאט ברוך־הוא, אז רבי יודא חסיד וועט וועלן פאר אים מתפלל זיין, אז ער זאל באשערעמט ווערן פון די יסורים פון גהינום. האט איצט דער עשיר, וואס איז אקארשט געשטארבן, זיך געבעטן ביי רבי יודא חסיד: "ליבער, האט רחמנות און זייט מתפלל פאר מיר, אז מיין נשמה זאל נישט אריין אין גהינום". האט רבי יודא אויף אים רחמנות געהאט און תפילה געטאן, אז ער זאל ניצול ווערן פונעם דין פון גהינום. דרום, זאל קיינער נישט עובר זיין אויף אן עבירה, ווייל איטלעכע עבירה, וואס דער מענטש טוט, באשאפט א באזונדערן שד רחמנא ליצלן, וואס ברענגט די דאזיקע עבירה פאר הקדוש־ברוך־הוא, וויבאלד דער מענטש גייט אוועק פון דער וועלט, אזוי ווי איר האט דאס טאקע געלייענט אין אט דער מעשה, אז דער שד פון דער עבירה הייסט פרה. דער שד פון שעטנז הייסט דער שטן. דעריבער זאל איין איטלעכער מענטש זיין געווארנט פון אזעלכע עבירות.

* * *

**גר. קע"א** (**ב. קע"א**). א בילבול אויף יידן.

א מעשה איז געשען אין רעגענסבורג. צוויי מויערערס האבן אמאל געארבעט אין א הויז פון א ייד אין דער יידן־גאס. ווי זיי האבן אזוי געארבעט, האבן זיי דערזען אין דעם אלקער ביים ייד א סך זילבער און גאלד. האבן זיי זיך אן עצה געהאלטן ווי אזוי אריינצוקריכן אינעם אלקער בשעת די יידן וועלן זיין אין שול און פון דארט אלץ צונעמען. האבן זיי טאקע אזוי געטאן. זיי האבן זיך אריינגעגנבעט אינעם אלקער און צוגענומען פון דארט א סך טייערע חפצים פון זילבער און גאלד. בשעת מעשה האט זיך איינער פון זיי געטראכט: צו וואס טויג מיר א שותף צו דער גניבה? איך קען מיר אליין מיין שטעטל באשטיין. אזוי טראכטנדיק איז ער צוגעגאנגען צו זיין חבר, בעת יענער האט גראד געוואלט ארויסקריכן דורך דעם אייבערשטן לאך, און אים דערלאנגט מיט א האמער איבערן קאפ אזוי, אז יענער איז באלד אנידערגעפאלן א טויטער אויפן ארט. ער האט פון דעם פגר צוגענומען דאס גאלד און זילבער און דערמיט גיך אנטלאפן. דאס האט גראד פאסירט ווען כל ישראל איז געווען אין שול ביים דאווענען.

אזוי באלד ווי דער בעל־הבית איז אהיים געקומען פון שול, האט ער

דערזען דעם פגר ליגן אין אלקער. זיין שרעק איז געווען אין לשער, ווי מען קאן זיך דאס גאר לייכט אויסמאלן. האט ער געוואלט דעם פגר בסוד אוועק־רוימען, ווייל ער האט מורא געהאט פאר אן איבערפאל פון דאס גאיעס, ווי עס האט זיך דא שיר נישט געטראפן. גיך, ממש ווי א פייל פון בויגן, האט זיך אין דער גוים־גאס פארשפרייט א קלאנג, אז די יידן האבן געטויט א גוי. עס האט נישט לאנג געדויערט און א המון גוים איז זיך צונויפגעלאפן אין דער יידן־גאס און געוואלט חס ושלום מאכן א גזירה. באלד אבער איז רבי יודא חסיד געקומען צו גיין און גיך אוועקגעלאפן צום ראש־עירן און געזאגט צו אים בזה הלשון: "אדוני, וואס ווילט איר טאן? ווילט איר דערלאזן, אז צוליב איין טויטן זאל מען, חלילה, אומברענגען א גאנצע עדה יידן? ווייסט איר דאן' גאנץ גוט, אז מיר זענען ריין פון שולד. האבן דאך אינעם הויז געארבעט די צוויי מויערערס און איך וועל אייך באווייזן, אז איינער האט דעם אנדערן דערהרגעט". זאגט דער ראש־עירן צו אים: "אויב דו וועסט מיר דאס באווייזן, וועט קיינעם פון אייך קיין שום בייז נישט געשען". בינו לבינו האט ער באפוילן, אז די גוים זאלן זיך רויק פארהאלטן אויף דער גאס. דעמאלט זאגט דער חסיד צו אים: "הייסט גיך פארמאכן די טויערן פון דער שטאט, אז דער מערדער זאל נישט קענען אנטלויפן". איז באלד אזוי געשען. האט דער חסיד גענומען און אנגעשריבן א קמיע מיט הייליקע שמות און זי אריינגעלייגט אין דער האנט פון הרוג. מיט אמאל איז דער הרוג אויפגעשטאנען תחית־המתים און זיך גענומען ארומקוקן נאך זיין רוצח. ער האט אים אויך באלד דערזען ווי ער באהאלט זיך הינטער אן אנדערן. איז ער צו אים צוגעלאפן און געזאגט: "דו האסט מיך דערהרגעט, ווייל דו האסט געוואלט האבן די גניבה אליין. דו ביסט צו מיר צוגעגאנגען מיטן האמער און מיר דערלאנגט א זעץ איבערן קאפ, אז איך בין אנידערגעפאלן א טויטער אינעם אלקער".

האט מען באלד דעם רוצח גענומען און איינגעזעצט אין תפיסה און אים פארמשפט צום טויט. באלד דערנאך האט מען אים מקיים פסק געווען. האט דער חסיד באותו מעמד געזאגט צום ראש־עירן: "זעט איר, אויב איך וואלט אייך נישט געווען צוריקגעהאלטן, וואלט א סך אומשולדיק בלוט פארגאסן געווארן". ענטפערט אים דער ראש־עירן: "עס איז אמת וואס איר זאגט. דערפאר טאקע, ליבער רבי, זייט מיר מוחל, עס וועט שוין אזוינס קיינמאל נישט מער פארקומען. איך בין אייך מבטיח, אז מהיום והלאה וועל איך תמיד פרווון צוערשט צו דערגיין דעם ריינעם אמת".

דער הרוג האט געהאט א סך רייכע פריינד, האבן זיי דעם חסיד געבעטן ער זאל אים לאזן לעבן, אזוי וועלן זיי אים מיטיב זיין דערפאר. דער חסיד האט די אפגעזאגט, ווייל ער האט דאס נישט געטארט. האט ער צוריק ארויסגענומען די קמיע פונעם הרוג און באלד איז ער אנידערגעפאלן א טויטער. דער ראש עירן האט דערנאך געטאן א סך גוטס מיטן חסיד.

* * *

**נר. קע״ב.** (ב. קע״ב). רבי יודא געפינט אויס די גנבים פון דוכוס אוצר.

א מעשה האט זיך געטראפן. עס איז אמאל געווען א מעכטיקער דוכוס, איז ער געווען גוט צו יידן. תמיד, ווען ער האט זיך געלאזט אין וועג אריין, האט ער איבערגעגעבן דעם שליסל פון זיינע אוצרות זיינעם א ייד. א טייל זאגן עס איז געווען רבי אפרים און א טייל ווידער זאגן, אז עס איז געווען רבי שמואל. ויהי היום און דער דוכוס איז, ווי זיין שטייגער איז געווען, ווידער אוועקגעפארן און איבערגעלאזט זיין שליסל ביי דעם ייד, אז ער זאל אים גוט באהאלטן. האט זיך אבער געמאכט, אז ביי נאכט זענען גנבים אריין אין דעם אוצר פון דוכוס און האבן פון דארט צוגענומען אלצדינג, וואס עס האט זיך נאר געלאזט. צווישן די גנבים זענען געווען עטלעכע ראטמענער פון דער שטאט. צומארגנס אז דער רבי איז, ווי זיין שטייגער, געקומען קאנטראלירן דעם אוצר און איז אריין אין דעם געוועלב, האט ער דארט גארנישט מער געפונען; אלצדינג איז געווען אויסגערוימט. א שווערער פחד איז אים באפאלן און ער איז באלד אוועק צו רבי יודא חסיד פרעגן אן עצה, ווי אזוי צוריק צו באקומען די גניבה. האט ער דאך מורא געהאט, אז ווען דער שר וועט אהיים קומען וועט ער אים חושד זיין אין דער גניבה און אים חלילה דאס חיות נעמען. האט ער נעבעך פאר רבי יודאן ביטער געוויינט, ווי מען קען זיך דאס לייכט פארשטעלן. זאגט צו אים רבי יודא: קום מיט מיר, און האט אים צוגעפירט צו א פענצטער און צו אים געזאגט: ״קוק ארויס פון דאנען און טו נאר דאס, וואס איך וועל דיך הייסן״. דער חסיד האט יעמאלט ארויסגעזאגט א שם און געפרעגט דעם רבין: ״וואס זעט איר איצט?״ היות ווי דאס פענצטער איז געווען זייער הויך, האט מען פון דארטן געקענט זען זייער ווייט ביז אויפן פרייען פעלד. ענטפערט אים דער רבי: ״איך זע באשיינפערלעך ווי דאס חדר אין וועלכן מיר געפינען זיך איצט האט זיך שטארק געהויבן, אזוי אז איך קען יעצט אריבערקוקן איבער אלע דעכער פון שטאט״. פרעגט אים דער חסיד צום צווייטן מאל: ״וואס זעסטו איצט?״ ענטפערט דער רבי: ״איך זע ווי די גנבים וואס האבן מיך באגנבעט, האלטן די גניבה אין זייערע הענט. זאגט צו אים דער חסיד: ״גיב גוט אכטונג וווהין זיי טראגן אוועק די גניבה״. ענטפערט דער רבי: ״זיי פרווון זי צו פאר־גראבן אין דער ערד, נעמען זי אבער ווידער פון דארט ארויס, אפנים זיי קענען זיך מיט איר נישט קיין עצה געבן״. זאגט דער חסיד ווייטער צום רבין: ״קוק זיך בעסער איין און זע וווהין זיי גיין איצט מיט דער גניבה״. ענטפערט אים דער רבי: ״איצט נעמען זיי זי און גיין אריין אינעם הויז פון שמיד. א טייל פון די חברה שמועסן מיטן שמיד כדי אים צו פאררעדן, אז ער זאל נישט זען וואס די אנדערע גנבים טאן. אט נעמען זיי טאקע דאס געגנבעטע געלט און באגראבן עס אין דעם פערד־שטאל און פארדעקן עס מיט מיסט״. זאגט צו אים דער חסיד: ״האסטו דיך גענוי איינגעקוקט, ווו זיי האבן באהאלטן די גניבה און ווייסטו איצט אויף זיכער וויסן ווו דאס הויז געפינט זיך? מאך דיר א סימן, כדי דו זאלסט דארט קענען אהינקומען. איצונד זיי דיך נישט מער מצער, ווייל

זיי וועלן שוין מער נישט קענען פון דארט אוועקטראגן די גניבה אן דיין רצון. טו על כן ווייטער גארנישט, נייערט דאס וואס איך וועל דיך הייסן. ווען דער דוכוס וועט אהיים קומען, גיי צו אים, פאל אים צו די פיס, דערצייל אים די גאנצע מעשה און בעט ביי אים רחמים, אז ער זאל פארגעמען דיין בקשה און דיך נישט אומזיסט באשטראפן.

האט דער רבי אזוי געטאן ווי דער חסיד האט אים געהייסן. ער האט געווארט ביז דער דוכוס איז צוריקגעקומען פון וועג. דעמאלט איז ער צו אים אוועק, אים געפאלן צו די פיס און זיך ביי אים געבעטן אזוי ווי דער חסיד האט אים געהייסן. דערויף האט דער דוכוס צו אים געזאגט: "שטיי אויף און לאז מיך הערן דיינע טענות. דו זאלסט געפינען לייטזעליקייט אין מיינע אויגן". אזוי האט דער רבי דעם דוכוס דערציילט אלץ וואס עס איז געשען מיט דער גניבה. פרעגט אים דער דוכוס: "ווייסטו אפשר גאר וויפיל גנבים עס זענען געווען, ווער זיי זענען און פון וואנען זיי האבן זיך גענומען, און צי עס געפינען זיך צווישן זיי אויך אוועלכע עס איז שטאטמענטשן?" ענטפערט אים דער רבי: "אדוני, איך קען זיי אלעמען. איך ווייס אפילו וווהין זיי האבן אהינגעטאן די גניבה". זאגט צו אים דער דוכוס: "ליבער מייסטער, אויב דו ווייסט יא ווו די גניבה איז באהאלטן, טא נעם א צאל פון מיינע וואך־לייט מיט דיר און גיי אהין און נעם אפ די גניבה בשתיקה און לייג אלץ צוריק אויפן זעלביקן ארט ווי פריער". ענטפערט אים דער רבי: "ניין, מיין ליבער האר, לאזט קודם כל תפסענען די גנבים און שטעלט זיי פאר א געריכט, און אויב זיי וועלן זיך מודה זיין אין דער גניבה, טוט מיט זיי אזוי ווי זיי האבן פארדינט. טאמער וועלן זיי אבער דאסמאל נישט באשטראפט ווערן, בין איך זיכער, אז האבן זיי אזעלכעס געטאן היינט, וועלן זיי עס מארגן ווידער טאן. איר וועט זיך פון זיי גארנישט קענען אויסהיטן, ווייל זיי זענען אנגעזעענע, מעכטיקע בירגער פון דער שטאט". זאגט דער דוכוס צו אים: "מיין ליבער מייסטער, איר זענט כשר געוועכט. מיר וועלן באשטראפן די גנבים אזוי ווי זיי האבן זיך דאס פארדינט, אבער זאגט מיר קודם כל ווער זיי זענען". האט דער רבי זיי אנגערופן ביי די נעמען, איינעם נאכן אנדערן.

הכלל, דער דוכוס האט געשיקט צונויפרופן אלע שטאטלייט און בתוכם אויך די גנבים. ער האט דאס געטאן מיט חכמה, ווייל אויב ער וואלט נאר געשיקט רופן די גנבים, וואלטן זיי מסתמא געווען פארשטאנען וועגן וואס עס גייט דא און אפשר גאר ביי צייטנס געמאכט פליטה. אז אלע האבן זיך שוין געהאט פארזאמלט ביים דוכוס, האט דער דוכוס געזאגט צום רבין: "ליבער מייסטער, גייט אהין און נעמט א צאל פון מיינע וואך־לייט און ברענגט מיר אהער בשתיקה דאס צוגעגנבעטע האב און גוטס. איך וועל די לייט דער־ווייל ביי מיר האלטן, כדי צו פארמיידן א וועלכן עס איז חשד. דערנאך וועלן מיר מיט זיי שוין רעדן קלארע דיבורים". דער רבי האט אזוי געטאן און געבראכט די גניבה, וואס די גנבים האבן געהאט אויסבאהאלטן. דעמאלט מאכט

צו זיי דער דוכוס: נו, איר רשעים, זאלן אלע די, וואס האבן ביי מיר צוגעגנבעט דאס גאלד און זילבער, אפויער קומען און זיך פאר אלעמען אנידערשטעלן. איך ווייס אקוראט ווער די גנבים זענען״. דעמאלט האבן די אמתע גנבים נישט געהאט קיין ברירה, ווייל עס איז געוועזן פאר אלעמען קלאר ווער זיי זענען. הכלל, זאגט דער דוכוס צו די איבעריקע שטאטלייט, אז זיי זאלן ארויסגעבן א פסק איבער די גנבים, ווייל זיי האבן אים זייער טריישאפט געבראכן און פון זיין אוצר ארויסגעטראגן זיין האב און גוטס, כדי צו מאכן א בלבול אויף דעם ייד, וואס איז דער שליסל־האלטער פון זיין אוצר. הקיצור, דער פסק איז געווען, אז מען זאל די גנבים הענגען און מען האט זיי באלד מקיים פסק געווען. דער רבי איז אזוי ארום ניצול געווארן פון טויט, ווי עס שטייט אין פסוק[5] ״צדיק מרעה נחלץ ויבא רשע תחתיו״, דאס איז דער טייטש, דער צדיק ווערט ניצול פון אלדאס בייז און דער רשע קומט אויף זיין ארט, ווי עס האט טאקע אט דא פאסירט.

* * *

גר. קע״ג (ב. קע״ג). רבי אליעזר פון מיינץ לערנט ביי רבי יודא די סודות התורה.

א מעשה האט זיך געטראפן. אין מיינץ האט געלעבט א גרויסער חסיד מיטן נאמען רבי אמנון און געהאט האט ער א זון, וואס האט געהייסן רבי אליעזר. פאר זיין פטירה האט רבי אמנון זיין זון צוואה געטאן, ער זאל קיינמאל נישט אריבערפארן דעם טייך וואס הייסט דער דונאי. האט אבער רבי אליעזר א סך געהערט פון רבי יודא חסיד און גאר שטארק געגלוסט ביי אים צו זיין, כדי צו לערנען תורה ביי אים, און אויך מחמת דעם וואס ער איז געווען זייבער א וייטער קרוב. הקיצור, אין איין שיינעם העלן טאג האט זיך רבי אליעזר געלאזט אין וועג אריין קיין רעגענסבורג. ער איז אריבער דעם דונאי און אויף אזא אופן פארשוועכט די צוואה פון זיין פאטער. אז דער חסיד האט אים דערזען, האט ער אים געגעבן שלום און מאכט צו אים: ״דעם אמת געזאגט האב איך דיר נישט באדארפט צו געבן קיין שלום ווייל דו האסט עובר געווען אויף דיין פאטערס צוואה. אויב איך האב דיר יא שלום געגעבן איז דאס נאר געווען פון דיין טאטנס כבוד וועגן״. האט זיך רבי אליעזר מיט די דאזיקע ווערטער גאר שטארק איבערגענומען און איז געווען זייער דערשראקן.

רבי אליעזר איז דערוויילן געבליבן ביי רבי יודאן גאר א לאנגע צייט, מחמת ער האט באגערט ביי אים צו לערנען די סודות פון דער תורה און אנדערע הויכע ענינים. דער חסיד האט אים אבער די גאנצע צייט מדחה געווען און מיט אים גארנישט געלערנט. בינו לבינו איז אדורכגעגאנגען א גאנצער זמן און רבי אליעזר האט פון רבי יודאן נישט באקומען די נויטיקע הדרכה. האט ער דערפון געהאט גרויס חלישת הדעת. איז ער דאך אהער געקומען אזא וייטן

[5] משלי י״א, ח.

וועג, אפגעזעסן א שטיק צייט און צום סוף גארנישט דערמיט געפועלט. אז עס איז אנגעקומען דער ערב פסח, איז רבי אליעזר געווארן נאך מער פאר־צערט. זיין הארץ איז געווען צעווייטאגט, און טרויעריק זענען געווען זיינע מחשבות. ער האט ביי זיך געטראכט: אט קומט דער יום־טוב ווען יעדער ייד איז ביי זיך אין דער היים צום סדר און דא בין איך גאר פארווארפן אין דער פרעמד, אנגעלענט ביי א פרעמדן טיש. האב איך דאך געהאפט, אז איך וועל זיין יום־טוב ביי מיין בני־בית, און דערווייל בין איך שוין אוועק פון דער היים גאנצע דריי תקופות. זיי וועלן אפילו נישט וויסן ווו איך בין אהינגעקומען. אזוי טראכטנדיק איז ער געווארן ביי זיך אלץ מער און מער געפאלן. און דאס נישט נאר מחמת דעם וואס ער איז אזוי לאנג נע ונד אין דער פרעמד, נאר אויך צוליב דעם וואס ער האט נאך גארנישט געלערנט.

רבי יודא האט באמערקט דעם צער פון זיין אורח און האט אויך גאנץ גוט געוווסט די סיבה דערפון. האט ער אים דאך דאס אלץ נאר געטאן צו להכ־עיס, ווייל ער האט עובר געווען אויף זיין פאטערס צוואה. אבער יענעם טאג זאגט צו אים דער חסיד, ממש כלאחר יד: "עס איז מיר ניכר, אז דו ביסט דיך שטארק מצער און איך ווייס אויך די סיבה דערפון. מסתמא וואלסטו גערן וועלן זיין צו יום־טוב אין דער היים, ביי דיין ווייב און קינד און מיט זיי אפריכטן דעם סדר אזוי ווי דער דין איז". ענטפערט אים רבי אליעזר: "יא, אוודאי וואלט איך דאס וועלן טאן, אויב דאס וואלט נאר געווען מעגלעך ביי גאט. אבער דאס קען דאך שוין מער נישט זיין, ווייל עס איז שוין היינט ערב פסח און צו שפעט נאך אהיים צו קומען". זאגט צו אים דער חסיד: "וואס וואלסטו מיר געגעבן אויב איך וואלט דיך נאך היינט אהיים געבראכט, טאקע נאך פאר יום־טוב?" איז רבי אליעזר דערפון געווארן נאך מער טרויעריק און זאגט צום חסיד: "איי רבי, איר מאכט דאך פשוט חוזק פון מיר!" ענטפערט אים דער חסיד: "חלילה, איך מיין דאס גאנץ ערנצט". זאגט צו אים רבי אליעזר: "איך וואלט דערפאר אוועקגעגעבן אלץ וואס איך פארמאג, ווייל איך קען מיר גארנישט אויסמאלן קיין גרעסערע שמחה ווי צו זיין יום טוב אין דער היים ביי מיין ליב ווייב און קינד". מאכט צו אים דער חסיד: "עס ווערט שפעט, מען מוז גיין באקן מצות. דערנאך וועל איך זען, אויב דו וועסט נאך קענען ביי צייטנס אהיים קומען אויף יום־טוב". האט זיך רבי אליעזר ביי זיך אין הארצן זייער געחידושט איבער די אויסטערלישע רייד פון חסיד אבער ער האט געשוויגן.

באלד איז רבי יודא אוועק מיט רבי אליעזרן באקן מצות. אז זיי האבן ארויסגענומען די מצות פון אויוון, זאגט דער חסיד צו רבי אליעזרן: "קום און נעם דיר א פרישע מצה און טו זי אריין אין דיין בוזעם־קעשענע. איך וואלט וועלן, אז דו זאלסט זי נאך ווארימערהייט אהיים ברענגען". אז רבי אליעזר האט דאס געהערט, האט ער געלאכט, אבער פונדעסטוועגן זיך גענומען גרייטן אין וועג אריין. דער חסיד האט אים, על כן, ארייגגעשטעקט א ווארעמע מצה אין

בוזעם־קעשענע און איז מיט אים ארויס אויפן פעלד. אבער רבי אליעזר איז אלץ נאך געווען פאראומערט, מחמת ער האט פון רבי יודאן גארנישט געלערנט און לסוף זאל ער אהיים גיין מיט ליידיקע הענט. דער חסיד האט זיין צער באמערקט און מאכט צו אים: "עס איז מיר באוווסט, אז דו האסט געוואלט ביי מיר לערנען סתרי־תורה". "יא", ענטפערט רבי אליעזר, "איך בין דאך אייגנס צוליב דעם אהערגעקומען". זאגט צו אים דער חסיד: "אליבא דאמת, וואלט איך מיט דיר נישט געטארט לערנען, ווייל דו האסט עובר געווען אויף דיין פאטערס צוואה. אבער אין זכות פון דיין טאטן, וואס איז געווען מיינער א קרוב און דערצו נאך א גרויסער ירא־שמים, וועל איך מיט דיר פארט עפעס לערנען".

אזוי רעדנדיק, האט רבי יודא גענומען דעם שטעקן, וואס ער האט גראד געהאלטן אין זיין האנט, און מיט אים אויפגעשריבן עטלעכע הייליקע שמות אויף דעם זאמד. דערנאך ווענדט ער זיך צו רבי אליעזרן: "ליבער רבי אליעזר, לייען אט דאס איבער וואס איך האב אקארשט אויפגעשריבן". וויבאלד ער האט געהאט דאס איבערגעלייענט, האט ער פונקט אזוי פיל געוווסט ווי דער חסיד. דערנאך האט דער חסיד דאס געשריפטס ווידער אויסגעמעקט און צוגעדעקט מיט דער ערד, און תוך־כדי־דיבור האט רבי אליעזר אלץ ווידער געהאט פארגעסן. דער חסיד האט דאס איבערגעחזרט דריי מאל נאך אנאנד, געשריבן אויף דער ערד שמות און ווידער אמאל אויסגעמעקט. האט זיך רבי אליעזר דעריבער שטארק מצער געווען, ווייל ער האט אלץ, וואס ער האט געהאט געלערנט, גיך ווידער פארגעסן. צום פערטן מאל האט דער חסיד ווידער אמאל אנגעשריבן אויפן זאמד די שמות און געהייסן רבי אליעזרן דאס אפלעקן מיטן צונג. רבי אליעזר האט אזוי געטאן ווי דער חסיד האט אים באפוילן. וויבאלד ער האט אראפגעשלונגען די אותיות פון זאמד האט ער געקענט אלע סתרי־תורה פונקט אזוי ווי דער חסיד און האט שוין גארנישט מער פארגעסן.

וויבאלד רבי אליעזר האט זיך געהאט אויסגעלערנט אלע חכמות ביי זיין רבין, האט ער פון אים גענומען רשות אוועקצוגיין. דער חסיד האט אים געבענטשט און דערנאך האט ער זיך געלאזט אין וועג אריין אן אויפגערוימטער און מיט גרויס שמחה אין הארץ, ווייל ער האט געהאט בטחון אין די רייד פון חסיד, אז ער וועט נאך פאר יום־טוב אהיים קומען.ביים אוועקגיין האט דער חסיד אים געבענטשט מיט דער ברכה פון די כוהנים און ארויסגעזאגט א שם, אזוי אז רבי אליעזר האט באלד דערזען מיינץ און איז אויך גיך געווען אין דער היים.

אז דער עולם איז געגאנגען ערב יום־טוב פאר נאכט אין שול אריין, האבן זיי דערזען רבי אליעזרן און אים געגעבן שלום. זיי האבן, פארשטייט זיך, גע־וואלט וויסן ווו ער האט פארבראכט די לעצטע נאכט, ווייל עס איז דאך נישט קיין כבוד פאר א ייד, א תלמיד־חכם צו זיין אונטערוועגס ערב שבת אדער ערב יום־טוב. האט זיי רבי אליעזר געזאגט: "ווי איר קוקט מיך אן, בין איך נאך היינט בייטאג געווען אין רעגענסבורג ביי רבי יודאן און אים נאך געהאלפן

באקן מצות. א סימן האט איר, איך האב נאך אין מיין בוזעם־קעשענע א ווארעמע מצה, וואס דער חסיד האט מיר מיטגעגעבן פאר מיין ווייב". ער האט אויך קהל איבערגעגעבן א בריוו, וואס דער חסיד האט צו זיי געשריבן. זיין ווייב און קינד האבן זיך זייער געפרייט, וואס ער איז בשלום אהיים געקומען. איז דאס אויך געווען אין דער אמתן א גרויסער נס, וואס ער איז אזוי שנעל אנגעקומען צו זיך אהיים.

* * *

**נר. קע"ד.** דער בישאף פון זאלצבורג און רבי יודא.

**א מעשה האט זיך געטראפן. אין די טעג פון ר'בי יודא חסיד האט געלעבט אין דער שטאט זאלצבורג א בישאף, א גרויסער צורר היהודים. אמאל האט ער געזאגט צו זיינע יועצים: "איך האב געהערט אז אין רעגענסבורג וווינט א זעלטענער ייד, א חכם מחוכם, וואס ווערט שטארק בכבוד געהאלטן סיי פון גוים און סיי פון יידן. איז מיר דער דאזיקער ייד ווי א שפין אין די אויגן, מחמת איך קען נישט פארטראגן אז ער זאל האבן אזא כוח. איך וויל, על כן, ציען קיין** רעגענסבורג און זיך אונטערשטיין אים צו ממיתן מיט מיין אייגענער האנט. **די דאזיקע זכיה וויל איך קיינעמען נישט פארגינען. יא, ווי מען דערציילט זיך, האלט אים דאס פאלק פאר א קדוש וטהור, און וואס מען זאל אים נישט פרעגן,** ווייס ער. מען זאגט אויף אים, אז ער איז א נביא. איך קען ביי קיין שום **אופן נישט דערלאזן, אז דער דאזיקער ייד זאל בלייבן לעבן און האבן אזא** זעלטענעם כוח. דעריבער, מיינע טייערע דינער, זייט גרייט מיט מיר מיטצו־ **ציען ווען איך וועל אייך באפעלן. איינס בין איך זיכער, אז איך קען די יידן** נישט אנטאן קיין גרעסערן בזיון ווי צו ממיתן זייער נביא. אגב וועל איך אייך **דערמיט באווייזן, אז זיין גאנצער כישוף האט גאר קיין האפט נישט און אפילו זיין גאט קען אים נישט באשיצן פון מיינע הענט".**

**נישט לאנג דערנאך האט זיך דער מרושעדיקער הגמון געלאזט אין וועג אריין מיט זיינע קנעכט, מיט א סך ריטער און גראפן. אז ער האט זיך דער־ נענטערט קיין רעגענסבורג, האט ער איינגעטיילט זיינע לייט אין צוויי מחנות.** אבער ער אליין האט געוואלט אריין אין דער יידן־גאס צום יידס הויז און אים **דארט ממיתן. 'איך וויל זאלבעדריט אריינגיין צו דעם ייד', האט ער מיט** רציחה געשריען. אבער זיינע יועצים האבן אים געפרוווט דערפון אפצורעדן. זיי **האבן צו אים געזאגט: "גנעדיקער פערשט און האר, מיר וועלן נאטירלעך** אזוי טאן, ווי אייער פערשטלעכע גנאד באפעלט אונדז. אבער מיר האבן געהערט אז דער ייד איז א גרויסער כישוף־מאכער, אפשר וועט איר אליין אים **נישט קענען בייקומען, אפשר וועט ער גאר אונדז אלעמען מיט אנאנד** אומברענגען. דעריבער היט זיך, אז איר זאלט נישט געשטרויכלט ווערן און צום **סוף נישט אריינכאפן קיין מפלה". אבער דער הגמון האט פון דעם אלעם גאר־**

נישט געוואלט הערן. ער האט גענומען א מעסער און זיך אריינגעשטעקט אין די שטיוול, כדי דערמיט דעם ייד צו הרגענען. דערנאך האט ער זיך ווידער געוואנדן צו זיינע ריטער און צו זיי אזוי געזאגט: "זאלבעדריט וועלן מיר אריינגיין צום ייד, אבער טאמער וועט איר הערן א געשריי, כאפט זיך אלע געשווינד ארויף אויף די פערד, כדי מיר זאלן קענען גיך אנטלויפן און זיך ראטעווען פון דער סכנה".

וויבאלד אבער דער הגמון האט נאר געהאט פארטראכט זיין פינצטערן פלאן, האט שוין דער חסיד דערפון געוווסט און געזאגט צו זיינע בחורים, אז אזא און אזא מין רשע האט זיך דערוועגט אים חלילה צו הרגענען, און אז ער איז שוין אויפן וועג אהערצוקומען. דערנאך זאגט ער ווייטער צו די בחורים: "ווען דער הגמון, דער רשע, וועט אריינקומען אין בית־המדרש און פרעגן ווער איז אייער רבי, זאלט איר אים אנווייזן אויף מיר, כדי עס זאל קיינעם פון אייך קיין שום בייז נישט געשען. איר וועט דעמאלט זען, וואס פאר א מיאוסע מפלה ער וועט פון מיר ארייגכאפן!" קוים האט ער געהאט אויסגערעדט די ווערטער, אזוי איז דער הגמון שוין געשטאנען פאר דער טיר און איז אויך באלד ארייג־געקומען אינעם בית־המדרש. ער איז צוגעגאנגען צו די בחורים און זיי געפרעגט ווער צווישן זיי איז זייער רבי. האבן די בחורים אנגעוויזן אויפן חסיד. אבער וויבאלד דער רשע האט דעם חסיד דערזען, האט ער שוין מער נישט געהאט קיין שליטה עפעס שלעכטס צו טאן. ער האט דערויף באגריסט דעם חסיד און דער חסיד האט אים אפגעענטפערט מיט א גערוס. האט ער אנגעהויבן מיט דעם חסיד צו שמועסן און געזאגט צו אים: "ליבער רבי, איך האב גאר א סך געהערט פון אייערע קונצן, און אז מען קען גאר אייערס גלייכן אין ערגיץ נישט געפינען. לכן, בין איך פון ווייטע מקומות אהערגעקומען אייך צו בעטן, אז איר זאלט מיר עפעס באווייזן פון אייערע קונצן, כדי איך זאל אויך קענען רימען אייער נאמען צווישן די פערשטן און גרויסע הארן פון דער וועלט". ענטפערט אים דער חסיד: "יא, זייער גערן, גנעדיקער פערשט און הארו! אבער איך בעט אייך, האט נישט פאראיבל מיינע פשוטע קונצן. איך בין דאך נאר אן ארעמער ייד און קען נישט קיין סך. פונדעסטוועגן וויל איך אייך פארט עפעס ווייזן פון מיינע קונץ־שטיק, כדי איר זאלט אויף אן אמת קענען וועגן מיר דערציילן אומעטום ווו איר וועט קומען". און אזוי רעדנדיק, האט ער אים מיט זיינע צוויי יועצים אריינגעפירט אין א חדר מיוחד. דערנאך זאגט דער חסיד צום הגמון: "איצט וויל איך אייך עפעס פון מיינע קונץ־שטיק ווייזן. אט קוקט ארויס פון דעם פענצטער אזוי וועט איר באלד זען א סך וווּנדערלעכע און גאר אינטרעסאנטע זאכן". האט דער רשע אזוי געטאן, און וויבאלד ער האט נאר ארויסגעשטעקט זיין קאפ דורכן פענצטער, איז דאס פענצטער מיט אמאל געווארן אי לענגער און אי ענגער, אזוי אז דער רשע האט שוין פון דארט מער נישט געקאנט ארויסנעמען דעם קאפ און איז שיר נישט דערשטיקט געווארן. די צוויי יועצים וואס ער האט ביי זיך געהאט, זענען געבליבן שטיין

ווי פארשטארטע. זיי האבן זיך נישט געטארט רירן פון ארט און האבן געמוזט מיט ווייטאג צוקוקן צו די קוואלן פון זייער האר און גארנישט געקענט דערצו טאן. דעמאלט ווענדט זיך דער חסיד צו זיי און זאגט: "איי איר רשעים, איר וועט אלע מוזן שטארבן! און אויב דו ביזט שוין א בישאף, א מחוצף, מיינסטו, אז דו וועסט מיך קענען אזוי לייכט אומברענגען? ניין, דו האסט במחילה געהאט א גרויסן טעות. גאט ברוך־הוא האט מיר אנטפלעקט דיינע בייזע מחשבות און דיין גרויס רישעות. איך ווייס אויף געוויס, אז דו האסט ביי דיר אין שטיוול א מעסער מיך צו טויטן. אבער גאט דער אלמעכטיקער האט מיך פון דיר באשירעמט און דיך יעצט געבראכט אויף מיין ארט. איך קען דיר נישט העלפן, דו מוזט שטארבן. אדרבא, זאלן יעצט קומען דיינע צווייהונדערט מאן, וואס דו האסט מיטגעבראכט, און זאלן זיי דיר ארויסהעלפן פון מיינע הענד. אבער ניין, דיך, דו שאלקהאפטיקער מענטש, קען יעצט קיינער נישט מציל זיין. אדרבא, זאג מיר, וואס דו האסט צו מיר, וואס פאר א שלעכטס איך האב דיר געטאן, אז דו רודפסט מיך אזוי און ביזט אזש פון זאלצבורג קיין רעגענסבורג געקומען כדי מיך צו טויטן? היינט האט גאט אין דיר נקמה גענומען!". זאגט צו אים דער רשע מיט א ציטער אין הארץ: "א, מייסטער איבער אלע מייסטער, זייט מיר דאסמאל גנעדיק. איך ווייס, אז איך האב מיך לגבי אייך שטארק פארזינדיקט. בעט איך אייך אבער, האט גאט אין הארצן און לאזט מיך נישט שטארבן אזא שענדלעכן טויט. אויב גאט וועט מיר העלפן און איך וועל בשלום אהיים קומען אין מיין לאנד, אזוי וועל איך אלע יידן, וואס איך האב געהאט פארטריבן, צוריק אויפנעמען און זיי אנטאן א סך גוטס אלע טעג פון מיין לעבן. איך וועל אויך צו אנדערע יידן, ווו איך וועל נאר קענען, זיין גוט. איך וועל אייך דאס באווייזן. נאר לאזט מיך בשלום אהיים ציען אין מיין לאנד".

ער האט דעם חסיד אזוי לאנג געבעטן רחמים, ביז דער חסיד זאגט צו אים: "גיב מיר תקיעת־כף און שווער מיר ביי דיין נאמנות, אז דו וועסט ווארט האלטן און נישט ברעכן דיין צוזאג, אזוי זאלסטו געפינען לייטזעליקייט אין מיינע אויגן. ווייס איך דאך זייער גוט, אז דיינע צווייהונדערט מאן קענען דיר איצט גארנישט העלפן! איך וועל דיך על כן באפרייען און דיר גלויבן אויף דיין נאמנות. ביסטו דאך עפעס א מעכטיקער בישאף און האסט גענוג כוח דיין ווארט צו האלטן. שטייט דאך דיר נישט אן, גרויסער האר, דיין ווארט נישט צו האלטן. באם אבער, טאמער וועסטו דיין הבטחה נישט מקיים זיין און וועסט אונדז ארעמע יידן אפנארן, אזוי ווי דו האסט שוין איינמאל געטאן, בין איך דיך מתרה, אז דו וועסט נישט זיכער זיין מיט דיין לעבן און דו וועסט מיר נישט אנטרינען, אפילו נישט אין דיין אייגן הויז. איך וועל דיך אומעטום פאקן, פונקט אזוי ווי איצונד". האט דער הגמון נאך אמאל א שבועה געטאן ביי זיין אמונה, אז ער וועט תמיד זיין גוט צו יידן און אזוי האט אים דער חסיד געלאזט פון דאנען ציען.

אז דער הגמון איז צוריק געקומען צו זיינע מענטשן, וואס האבן אין דרויסן

אויף אים געווארט, האבן זיי געוואלט וויסן, צי ער האט געטויט דעם ייד ווי ער האט בדעה געהאט צו טאן. דעמאלט האט זיי דער הגמון דערציילט ווי עס איז אים דערגאנגען. האבן זיי זיך אלע געוואלטיק געחידושט אויף דעם ייד וואס איז אזא גרויסער קונצן־מאכער. הכלל, דער הגמון איז מיט זיינע לייט אהיים געריטן און אזוי גיך ווי ער איז אנגעקומען קיין זאלצבורג, האט ער תיכף געשיקט נאך די ארעמע יידן, וואס ער האט געהאט פארטריבן און האט זיי ווידער ביי זיך אין לאנד אויפגענומען. פון דעמאלט אן האט ער זיי גוט באהאנדעלט און האט זיי שוין מער קיין שלעכטס נישט געטאן. צום סוף האט ער זיך נאך מגייר געווען און איז געווארן א גוטער און פרומער ייד און א גרויסער צדיק דערצו. גאט ברוך־הוא זאל אונדז לאזן געניסן דעם זכות פון זיי ביידע, אמן.

* * *

**גר. קע״ה. ר׳ יודאס פריינדשאפט מיטן דוכוס.**

א מעשה האט זיך געטראפן אין די צייטן פון רבי יודא. עס איז אמאל געווען א מעכטיקער דוכוס, וואס האט גאר א סך געהאלטן פון ר׳ יודאן און תמיד מיט אים געהאט א יישוב־הדעת איידער ער האט עפעס געוואלט טאן. ער האט קיינמאל נישט אנדערש געטאן ווי ר׳ יודא האט אים געהייסן. מאכט זיך אמאל, אז צום דוכוס איז געקומען א מלך פון רוים וואס האט געהייסן פיליפוס און אים געבעטן, אז ער זאל מיט אים גיין אין מלחמה און אים גיבן זיין ביישטאנד. דערויף האט אים דער דוכוס געענטפערט, אז ער וויל זיך קודם כל מיישב זיין מיט זיין ייד און הערן, וואס ער וועט אים ראטן, ווייל ער ווייסט צי די מלחמה וועט באגליקן צי נישט. על כן שיקט דער דוכוס באלד נאכן חסיד און דערציילט אים וועגן דעם פארלאנג פון מלך פון רוים און פרעגט ביי אים אן עצה, צי ער זאל מיט אים גיין אין די מלחמה צי נישט. זאגט צו אים דער חסיד: ״איך ווארן אייער פערשטלעכע גנאד ביי אייער לעבן דאס נישט צו טאן. אויב איר וועט אבער יא מיט אים גיין, זאלט איר וויסן, אז אייער פערשטלעכע גנאד וועט שוין קיין לעבעדיקער נישט צוריקקומען, ווייל אלע וועלן פאלן אין דער מלחמה״. אזוי איז דער דוכוס צוריק אוועק צום מלך און אים געזאגט, אז ער וועט מיט אים נישט גיין מלחמה האלטן, מחמת זיין קלוגער ייד הייסט אים נישט. ער האט אים מגלה געווען, אז אויב ער וועט מיט אים פארט מיטגיין, וועלן זיי ביידע דערהרגעט ווערן. ״על כן״, זאגט ער צום מלך, ״בעט איך אייער קיניגלעכע הויכקייט, האט מיר נישט פאראיבל, אויב איך וועל דאסמאל מיט אייך נישט מיטגיין. ווייסט איר דאך, אז איך בין מיך אין די אלע זאכן נוהג נישט אנדערש צו טאן, נאר ווי דער ייד הייסט מיך״. ענטפערט אים דער קיניג: ״ווילט איר בעסער פאלגן די רייד פון דער ייד, דעם שונא? ווי אזוי קען ער וויסן, ווי עס וועט אונדז דערגיין אין דער מלחמה? אויב איר ווילט דורכויס מיט מיר נישט מיטגיין, וועל איך אליין גיין מלחמה

האלטן, אבער ווארענט אייער אומגעטרייען ייד, אין ווען איר גלויבט אזוי אייזן־שטארק, אז אויב גאט וועט מיר העלפן און איך וועל בשלום אהיים קומען אין מיין לאנד, וועל איך מיט אייך אויפנעמען דעם קאמף, און וועט מיר גאט העלפן אייך צו באזיגן, וועל איך דעמאלט אייער אומגעטרייען ייד נעמען און אים אויפהענגען ביי זיינע פיס. זאל ער טאקע הנאה האבן פון זיין גרויסער חכמה!״ דערמיט איז דער מלך אוועק פון אים און דער דוכוס האט דעם חסיד איבערדערציילט די רייד פונעם קיניג. זאגט דער חסיד צו אים: ״ליבער האר, לאזט אים נאר גיין אין די מלחמה. ער האט אייך צוגעזאגט, אז וויבאלד ער וועט ווידער אהיים קומען, וועט ער מיך טויטן. איך וועל אים דאס מוחל זיין, וואס ער האט בדעה מיך צו דערשלאגן, ווען ער וועט אהיים קומען פון דער מלחמה״.

עס האט נישט לאנג געדויערט און עס איז אנגעקומען די שמועה, אז דער מלך פון רוים מיט זיינע גאנצע חיילות זענען געווארן דערהרגעט אין דער מלחמה. האט דער דוכוס געשיקט נאכן חסיד און אים פירגעלייענט דעם בריוו מיט די נייעס. זאגט דער חסיד: ״איך האב דאס פריער געוווסט, אז ער וועט נישט מער א לעבעדיקער צוריקקומען פון דער מלחמה. וואלט איר מיט אים מיטגעגאנגען, וואלט איר געהאט דעמזעלביקן מיאוסן סוף״. דערויף האט דער חסיד געדאנקט גאט און געזאגט: ״געלויבט איז גאט, וואס צעשטערט די טראכטעניש פון די רשעים!״ דער דוכוס האט דעם חסיד א קוש געגעבן און צו אים געזאגט: ״ווייל איז אייך, וואס פאר א טייער פאלק איר זענט, אז גאט דער אלמעכטיקער אנטפלעקט אייך די מעשים פון דער צוקונפט״. פון דעמאלט אן האט ער דעם חסיד געהאלטן אין נאך גרעסערער חשיבות.

* * *

נר. קע״ו. (ב. קע״ו). דער בחור וואס וויל זיך שמדן.

א מעשה איז אמאל געשען מיט א ייד אן עושר, וואס האט געהאט א זון און אים געבראכט צו ר׳ יודאן, אז ער זאל ביי אים לערנען. ער האט דעם חסיד גאנץ אפזונדער געבעטן אויף זיין יינגל אכטונג צו געבן ווי עס באדארף צו זיין. פרעגט אים דער חסיד: ״זאג מיר, ווו איז דיין זון?״ ענטפערט אים דער עושר: ״ער איז דא הי מיט מיר״. זאגט צו אים דער חסיד: ״גיי און ברענג אים צו מיר אהער. איך וויל אים מיר אנקוקן״. אזוי איז דער עושר אוועק און געברענגט צופירן דאס יינגל צום חסיד. אבער וויבאלד דער חסיד האט אים דערזען, זאגט ער צום עושר: ״ליבער פריינד, איך וועל דיין זון נישט צונעמען פאר קיין שום געלט אין דער וועלט. גיי, נעם אים איצונד ווידער צו דיר אהיים און ברענג אים צוריק צו מיר נאך א יאר צייט, דעמאלט וועל איך מיט אים תורה לערנען און אלץ טאן, וואס איך וועל נאר קענען״. זאגט דער עושר צום חסיד: ״ליבער רבי, אדרבא, זאגט מיר פארוואס איר ווילט איצט מיין זון נישט

צונעמען?" דער חסיד האט אים אבער ביי קיין שום אופן נישט געוואלט אויס־זאגן די סיבה. האט אים אבער דער עושר אזוי לאנג מפציר געווען, ביז ער האט זיך געלאזט איבעררעדן. ער איז מיטן עושר דערויף אריין אין א באזונ־דערן חדר און זאגט צו אים בזה הלשון: "איך וויל דיר מגלה זיין די סיבה פארוואס איך וויל לעת־עתה נישט צונעמען דיין זון כדי מיט אים צו לערנען תורה. זאלסט וויסן, אז אין משך פון דעם יאר וועט קומען א בייזער טאג, ווען דיין זון וועט זיך רחמנא ליצלן וועלן שמדן. ווילסטו אבער דיין זון אפהיטן פון שמד, טא הער מיין עצה. דו זאלסט אים א גאנץ יאר אויסבאהאלטן אין דיין הויז ביז די בייזע שעה וועט אריבער גיין. דעמאלט ערשט זאלסטו אים ברענגען צו מיר, ווייל איך ווייס אויף געוויס, אז איך וועל בכוח זיין פון אים צו מאכן א כלי מפואר, אויב די בייזע שעה וועט נאר זיין פארביי. ער וועט דערנאך אויך שטארק חרטה האבן און תשובה טאן מיטן גאנצן הארץ און טאקע ווערן א פרומער ייד". זאגט דערויף דער עושר צום חסיד: "ליבער רבי, אפשר קענט איר מיר אן עצה געבן ווי אזוי דאס אומגליק צו פארהיטן?" ענטפערט אים דער חסיד: "איך וויל דיר זאגן וואס דו זאלסט טאן. לאז אויסבויען ווייט פון דיין הויז א טיפן קעלער, אז קיינער זאל גארנישט הערן אדער זען. געם דיין זון צו א מלמד, וואס זאל מיט אים לערנען און זעץ זיי ביידע אריין אין דעם טיפן געוועלב און פארשליס פון דרויסן, אז קיינער פון זיי זאל נישט קענען ארויס. עסן און טרינקן זאל מען זיי צוטראגן פון דרויסן; אבער למען השם גיב גוט אויף אים אכטונג, אזוי ווי איך הייס דיך, ביז דער בייזער טאג וועט זיין פארביי. ערשט דעמאלט מעגסטו אים לאזן גיין וווהין ער וועט וועלן".

דער עושר איז אוועק פונעם חסיד א פארצערטער, ווי מען קען זיך דאס גאר לייכט אויסמאלן. ער איז צו זיך אהיים און אלץ אזוי געטאן, ווי דער חסיד האט אים געהאט באפוילן. הקיצור, ער האט געלאזט אויסבויען א טיף געוועלב אינעם קעלער, געדונגען א מלמד און זיי ביידע ארייגעזעצט דארט אהין. ער האט זיי פארזארגט מיט עסן און טרינקן און געדונגען א קנעכט, וואס זאל זיי באדינען. ער האט אבער אויף דער טיר אנגעהאנגען א שלאס, אז דער בחור זאל נישט אמאל קענען פון דארט אנטלויפן. אזוי זענען זיי געבליבן צוזאמען, דער מלמד און דער זון ביז צו יענעם טאג, וואס דער חסיד האט פארויסגעזאגט. אז דער בייזער טאג איז געקומען און דער מלמד האט געוואלט מיטן יינגל לערנען, אזוי ווי זיין סדר איז געווען יעדן טאג, מאכט דאס יינגל צו אים: "איך וויל היינט נישט לערנען. איך האב באמת גרויס חרטה, וואס איך האב מיך געלאזט איבעררעדן אריינצוגיין אין דעם קעלער און ביז היינט געלערנט". און באלד דערויף האט ער אנגעהויבן צו רעדן אזעלכע עזותדיקע דיבורים, וואס מען קען אפילו דא נישט אויפן פאפיר ארויפ־ברענגען. זאגט דער מלמד צו אים: "מיין ליבער זון, ווי קומט דאס, וואס דו פירסט דיך היינט אויף אנדערש ווי יעדן אנדערן טאג?" ענטפערט אים דאס יינגל מיט חוצפה און גרויס עזות, אז ער וויל אוועקלויפן זיך שמדן. אז דער

מלמד האט דאס דערהערט, האט ער נישט מער געוואלט קיין איין רגע לענגער ביי אים פארבלייבן. ער איז תיכף ארויס פונעם געוועלב און עס פעסט פאר־מאכט, און דאס שלאס ארויפגעלייגט אויף דער טיר פון דרויסן.

אז דאס יינגל איז געבליבן אליין, האט ער גענומען שרייען מלא רציחה און זיך געריסן ארויס צו לויפן פונעם געוועלב. אז ער האט דאס נישט באוויזן, האט ער אנגעהויבן צו לעסטערן גאט ברוך־הוא און צו פארלייקענען זיין הייליקן נאמען. ער האט געשריען אויף וואס די וועלט שטייט, אז מען זאל אים ארויסלאזן, ווייל ער וויל זיך גיין שמדן. דער מלמד צוזאמען מיטן פאטער זענען געשטאנען פאר דעם געוועלב און מיט אימה זיך צוגעהערט צו די מוראדיקע זלזולים פונעם יינגל. דאס האט אזוי אנגעהאלטן א גוטע שעה צייט. צום סוף זענען ביידע עלטערן צוזאמען מיטן מלמד אריין צו אים אין געוועלב און אים געפרעגט, פארוואס ער פארשווארצט זיי אזוי דאס פנים, צי אים פעלט עפעס. אבער דאס יינגל האט פון גארנישט געוואלט הערן. ער האט נאך מער און עזותדיקער געשריען, אז מען זאל שיקן נאך א גלח, ווייל ער וויל זיך שמדן. "וואלט איך נאר געווען אין דרויסן", האט ער געקערט וועלטן, "דעמאלט וואלט מיך קיינער נישט געקענט אפהאלטן. איך וואלט פון אלעמען א תל געמאכט". און ווי א צעדולטן האט אים די ניכפה געווארפן. ווען טאטע־מאמע האבן געזען, אז עס פועלט גארנישט, האבן זיי דאס יינגל אנידערגעווארפן אויף דער דיל, אים הענט און פיס געבונדן און אין אזא מעמד האבן זיי אים געלאזט ליגן א גאנצן טאג און א גאנצע נאכט. די טיר פון דעם קעלער האבן זיי הינטער זיך פעסט פארשפארט.

אויף צומארגנס אז דער פאטער איז צוגעקומען צום געוועלב, האט ער באמערקט ווי זיין זון ליגט גאנץ שטיל. אז דאס יינגל האט זיין פאטער דערזען, האט ער אים געבעטן אים אויפצובינדן און זיך גארנישט מער נעמען צום הארצן, ווייל דער בייזער טאג איז שוין אריבער. אדרבא, ער האט געוויינט און געקלאגט צוליב די חרפות און בושות, וואס ער האט אלעמען אנגעטאן. אויב גאט ברוך־הוא וועט אים העלפן, האט ער יעצט געטענהט, וועט ער שוין אזוינס נישט מער טאן. ער וויל חוזר בתשובה זיין מיטן גאנצן הארץ, און ער האט גענומען בעטן זיין פאטער, אז ער זאל אים אוועקפירן צו רבי יודא חסיד, ווייל ער באגערט ווידער צו לערנען. אזוי האט מען אים געבראכט צו רבי יודאן און ער האט געטאן גרויס תשובה ווי עס פאסט זיך פאר אן אמתן בעל־תשובה. ער האט געלערנט טאג און נאכט און איז אויסגעוואקסן א גרויסער למדן. זיינע פריינד האבן געהאט פון אים א סך נחת. השם יתברך זאל אויך אונדז דערפרייען.

* * *

א מעשה האט זיך געטראפן. אמאל איז רבי יודא געזעסן ביים פענצטער און דערזען א יינגן בחור לויפן גאנץ שנעל איבערן גאס. איז אים די מעשה נישט געפעלן געווארן, האט ער צוגערופן צו זיך עטלעכע פון זיינע בחורים און צו זיי געזאגט: ״לויפט נאך אט דעם בחור און האלט אים פעסט ביז איך וועל אייך רופן״. האבן זיי אזוי געטאן. זיי זענען דעם בחור נאכגעלאפן און אים צוגערופן, אז ער זאל בלייבן שטיין. האט ער אבער זיי נישט געוואלט הערן. אז זיי האבן אים אנגעיאגט, האבן זיי אים אנגעכאפט ביים מאנטל און אים געפרעגט, פארוואס ער איילט זיך דאס אזוי, אז ער האט זיך אפילו נישט געוואלט אפשטעלן, בשעת זיי האבן אים גערופן. זאגט צו זיי דער בחור: ״וואס איז דאס אייער עסק, וואס איך אייל מיך?״ זאגן זיי צו אים ״אט דאס טאקע ווילן מיר פון דיר הערן. נישט אומזיסט פרעגן מיר דיך דאס״. דער בחור האט אבער זיי בשום אופן נישט געוואלט זאגן און האט געוומען ווייטער לויפן. די תלמידים פון רבי יודא האבן אים אבער נישט אפגעלאזט און אים אזוי לאנג צוריק געהאלטן, ביז עס איז כמעט געקומען צו א געשלעג.

אז דער חסיד האט דאס געזען, האט ער שנעל צוגערופן איינעם פון די בחורים און צו אים געזאגט: ״גיי געשווינד אהין און זאג זיי, אז זיי זאלן זיך נישט שלאגן נאר מיר אהערברענגען דעם בחור״. האבן זיי אזוי געטאן. וויבאלד זיי אלע זענען אריינגעקומען צום חסיד, זאגט ער צום בחור: ״פארוואס האסטו זיך דאס אזוי געאיילט? וואס פאר א וויכטיקע עסקים האסטו דאס געהאט צו טאן?״ ענטפערט דער בחור דעם חסיד: ״ליבער רבי, איך מוז מיך פאר אייך מתוודה זיין״, און מיט די ווערטער אנגעהויבן ביטער צו וויינען און צו קלאגן. זאגט ער צום חסיד: ״פארוואס זאל איך דאס פון אייך לייקענען? איך האב בדעה געהאט עפעס אזעלכעס אפצוטאן, וואס וואלט שוין גארנישט שיין געווען. עס איז אבער, דאנקן גאט, גארנישט דערפון געווארן, מחמת אייערע תלמידים האבן מיך ביי צייטנס פארהאלטן ביז די בייזע שעה איז אריבער. יעצט וויל איך אייך בעטן, ליבער רבי, גיט מיר ארויס א הארבע תשובה, אזוי ווי עס פאדערט זיך פאר אזא מין עבירה ווייל עס טוט מיר באמת באנג״. האט דער חסיד צו אים געזאגט: ״אויב דו האסט באמת חרטה אויף דיינע זינד און ווילסט אויף דיר נעמען די תשובה, וואס איך וועל דיר ארויסגעבן, טא וויל איך דיר ערב זיין, אז מען וועט דיר פון הימל מוחל זיין״. דעמאלט האט אים דער חסיד ארויסגעגעבן א תשובה און דער בחור האט זי מיט אלע פרטים אפגעהיטן און איז אויך געווארן א פרומער ייד. דערויף האבן זיינע תלמידים געזאגט: געלויבט איז גאט, וואס האט פון זיין חכמה אפגעטיילט צו די, וואס פארכטן זיך פאר אים!

* * *

גר. קע״ח. דער שטעקן וואס האט געבליט.

א מעשה מיט א משומד, וואס איז געווען א גרויסער רשע און האט גורם געווען דערצו, וואס א סך יידן זענען נעבעך אומגעקומען דורך זיין רישעות. עס איז אזוי אנגעגאנגען א גאנצע ריי יארן. אמאל איז דער משומד געקומען צו רבי יודאן און אים געבעטן, אז ער זאל אים ארויסגעבן א תשובה אויף די שווערע זינד, וואס ער האט געטאן. בשעת מעשה האט ער דעם חסיד פארציילט די גרויסע עבירות וואס ער האט אפגעטאן אלע די טעג, זינט ער האט זיך אפגעשמדט. אז דער חסיד האט אויסגעהערט די אלע בייזע מעשים, וואס דער משומד האט אפגעטאן, האט ער אים נישט געוואלט ארויסגעבן קיין תשובה. ״דיינע זינד זענען צו גרויס״, האט ער אים געזאגט. גראד האט דער חסיד געשניצט א שטעקן און מאכט צום משומד: ״זעסטו, פונקט אזוי ווייניק ווי אט דער שטעקן איין מיין האנד קען ווידער ווערן גרין, אז עס זאלן אויף אים ארויסשפראצן גרינע בלעטלעך, אזוי ווייניק קענסטו אפקומען פאר דיינע זינד. וואס פאר א תשובה קען איך דיר שוין ארויסגעבן ?״ על כן איז דער משומד אוועקגעגאנגען פון חסיד און צו זיך געזאגט: ״וויבאלד דער חסיד וויל מיר בשום אופן נישט ארויסגעבן קיין תשובה, טא וועל איך איצט גיין און אפטאן נאך ערגערע מעשים ווי ביז אצינד״.

נישט לאנג דערנאך האט ר׳ יודא באמערקט ווי דער שטעקן איז מיט אמאל געווארן גרין און זיך באדעקט מיט פרישע בלעטלעך. האט זיך דער חסיד זייער געחידושט און זיך דערמאנט אין זיינע ווערטער צום משומד. האט ער ביי זיך געטראכט, אפנים קען דער משומד דאך נאך אפקומען פאר זיינע זינד, והא ראיה, דער שטעקן איז דאך געווארן ווידער גרין. באלד דערנאך האט ער געשיקט נאכן משומד און צו אים געזאגט: ״איך האב דיר אנומעלט נישט געוואלט ארויסגעבן קיין תשובה, ווייל איך האב מיר געזאגט, פונקט אזוי ווייניק ווי דער שטעקן קען ווערן ווידער גרין און אנהייבן שפראצן בלעטלעך, אזוי ווייניק וועסטו קענען האבן פארגעבונג אויף דיינע מעשים. איצט אבער איז דער שטעקן געווארן ווידער גרין און עס האבן אויף אים גענומען שפראצן פרישע בלעטלעך. הייבט, אויב דיר איז אזא נס געשען, מסתמא האסטו אמאל געטאן א דבר טוב, אז דו קענסט נאך באמת האפן צו האבן פארגעבונג אויף דיינע בייזע מעשים. זאג זשע מיר, עלעהיי, וואס דו האסט אזוינס געטאן, כדי איך זאל דיר קענען ארויסגעבן א תשובה און אויב דו וועסט זי מקיים זיין, וועט זי באשטימט אויף אלץ מכפר זיין״. זאגט צו אים דער משומד: ״איך מוז מיך פאר אייך מתוודה זיין, ליבער רבי. דעם אמת געזאגט, זינט איך האב מיך געשמדט, האב איך קיין ייד קיין שום גוטס נישט געטאן. אדרבא, ווו איך האב נאר געקענט, האב איך מיך תמיד געפלייסט יידן אנצוטאן צרות. ביז אויף איין מאל, און עס האט זיך געטראפן אט וואס. אמאל בין איך געקומען אין א שטאט, ווו עס האבן געוווינט א סך יידן. די שטאט-לייט אבער זענען געווען גרויסע שונאי־ישראל און האבן געוואלט פון די יידן פטור ווערן. האבן זיי נישט

געוואוסט ווי אזוי דאס צו טאן, האבן זיי על כן פארטראכט א שקר־בילבול. זיי האבן אונטערגעווארפן א ייד א פגר פון א ממזר און דערנאך פארשפרייט די שמועה, אז די יידן האבן דעם ממזר געקוילעט. באלד איז זיך צונויפגעלאפן די גאנצע שטאט מיט גאיעס, יונג און אלט, און האבן געוואלט מאכן א גזירה און אויסקוילען אלע יידן. אינעם שטאטראט איז אבער פאראן געווען איינער, א גרויסער חשוב, וואס איז געווען גוט צו יידן און ער האט צו דעם אנגעלאפענעם המון געזאגט אט וואס: איילט זיך נישט צו פארגיסן אומשולדיק בלוט. לאמיר קודם כל חוקר ודורש זיין און אויסגעפינען צי זיי ברויכן אויף אן אמת אונדזער בלוט. וועט איר אפשר וועלן פרעגן, ווי אזוי זאלן מיר דאס דערגייין? טא וויל איך אייך זאגן. אט דא געפינט זיך איין אונדזער מיט א ייד, א משומד. אים וועלן מיר פרעגן, ער וועט דאך געוויס וויסן. זאגט ער, אז זיי מוזן האבן אונדזער בלוט, טא וועט דאס זיין פאר אונדז למעלה מכל ספק, אז זיי האבן אזוי געטאן מיטן ממזר. זאגט אבער דער משומד ניין, זיי נוצן נישט קיין בלוט, דעמאלט האבן זיי די דאזיקע מעשה נבלה זיכער אויך נישט געטאן. פארוואס זאלן מיר באמת אומשולדיק בלוט פארגיסן? עס וואלט דאך געווען א גרויסע רציחה אזעלכעס צו טאן. זענט איר אבער גערעכט, טא וועט אייך קיינער נישט פארווערן אלע יידן צו ממיתן". אז די שטאט־מענטשן האבן דאס געהערט, האבן זיי באך מיר געשיקט און מיך באשווירן מיט כל המיני שבועות און חרמות, אז איך זאל זיי זאגן דעם ריינעם אמת, צי יידן נוצן אויף אן אמת קריסטלעך בלוט, ווייל אזא מאוסע נבלה איז געשען מיטן ממזר. האב איך זיי געשווירן אויף מיין נאמנות און געזאגט, אז מען טוט יידן מיט אט דעם נארישן בילבול א גרויסע עוולה. איך האב זיי באוויזן מיט אסך טעמים, אז דאס איז שקר וכזב. איך האב מיט זיי אט אזוי איינגעטענהט: "קוקט זיך איין, ווי באוואוסט מוזן דאך די יידן וויקן יעדעס שטיקל פלייש און דערנאך אויסזאלצן, כדי דאס בלוט זאל ארויס פונעם פלייש. אזוי שטייט שוין טאקע געשריבן אין זייער תורה, אז זיי טארן נישט עסן קיין בלוט. זיי מוזן אויך די בהמה אזוי שעכטן, אז דאס דם זאל אינגאנצן אויסרינען. הייינט, ווי קען דאס גאר געמאלט זיין, אז זיי זאלן מוזן נוצן דאס דם פון א מענטש?" אז די שטאטמענטשן האבן דאס געהערט, האבן זיי פה־אחד געזאגט: "אויב דאס איז יא אזוי, טא זאל קיינעמען פון די יידן קיין שלעכטס נישט געשען". דערמיט איז טאקע די גזירה בטל געווארן און עס איז געווען א ישועה פאר כל ישראל. וואלט איך אבער געווען ארויפגעווארפן די שולד אויף די יידן, וואלט דאס גאיעס געווען חס־ושלום זיי אלעמען אויסגעקוילעט. אזוי ארום האב איך מציל געווען אן עדה יידן און דאס איז טאקע דאס שענסטע, וואס איך האב ווען עס איז געטאן אין מיין גאנץ לעבן! מאכט דער חסיד: "יא. דאס איז באמת געווען איינע פון די שענסטע מעשים!" ער האט אים דערויף ארויסגעגעבן א תשובה, וואס דער משומד האט מיט אלע פרטים אפגעהיטן און ער איז געווארן א פרומער, ערלעכער ייד.

* * *

## נר. קע״ט. די חתונה מיט א שד.

א מעשה מיט א שר, וואס איז געווען א גרויסער עושר און האט געלעבט אין די טעג פון רבי יודא. דער שר איז געווען א גרויסער יחסן און אפגע־שטאמט פון סאמע מלכים. זיין עשירות איז געווען אין לשער, אבנים טובות און פערל לרוב. דער זעלביקער שר האט געהאט אן איינציקע טאכטער, א יפה־פיה, וואס ער האט נאר געוואלט חתונה מאכן פאר איינעם, וואס איז געווען פונקט אזוי רייך ווי ער. צום סוף האט ער געמיינט, אז ער וועט אפשר שוין קיינמאל נישט געפינען קיין פאסיקן חתן, וואס זאל טאקע זיין אזוי רייך ווי ער און ביי אים אויסנעמען. מאכט זיך א מעשה, אז אמאל איז צו אים געקומען א שד, זאל אונדז גאט אפהיטן, וואס האט זיך פארשטעלט פאר א שיינעם יונגער־מאן, ממש א בן־מלך. אז ער איז אנגעקומען צום שר, האט ער מיטגעבראכט גאר ווונדערלעכע חפצים און כל המיני איידלשטיין און פערל, וואס די וועלט האט אזוינס נאך נישט געזען, און געלט לרוב. ער איז באלד אוועק צום שר און צו אים אט וואס געזאגט: ״גנעדיקער האר, איך האב געהערט, אז איר האט אן איינציקע טאכטער, אבער איר ווילט זי נאר חתונה מאכן פאר איינעם, וואס איז אזוי רייך ווי איר און שטאמט באגלייך אפ פון אזא שיינעם ייחוס ווי איר״. אויף דעם ענטפערט דער שר: ״יא, עס איז אמת, וואס איר האט געהערט״. זאגט צו אים דער שד: ״אויב אזוי, טא גיט זי מיר פאר א ווייב, ווייל איך בין אקוראט אזוי רייך ווי איר און קום ארויס פון אזא הויכן ייחוס ווי איר אליין. אויב איר ווילט מיר דאס נישט גלייבן, טא קומט מיט מיר, אזוי וועל איך אייך ווייזן אזעלכע טייערע חפצים, וואס איר האט באשטימט קיין שענערע אין אייער לעבן נאך קיינמאל נישט געזען, פון איידלשטיין און פערל און ממון לרוב. דאס אלץ איז מיין״.

איז דער שר, על כן, מיטגעגאנגען מיטן שד. האט אים יענער אין א חדר מיוחד געוויזן אלצדינג אזוי ווי ער האט אים געהאט פארציילט. עס האט טאקע גארנישט געפעלט. רופט ער זיך יעצט אן צום שר: ״דאס אלץ האב איך מיט־געבראכט. אבער דאס איז נאך גארנישט לגבי דעם, וואס איך וועל אייער טאכטער געבן, ווען איך וועל זי נעמען פאר א ווייב און זי דערנאך צו מיר אהיים פירן. דעמאלט וועט זי ערשט זען אן עשירות! איך וויל, אז איר זאלט אויך וויסן, אז איך בין א קיניג, וואס איז מעכטיקער פון אלע אנדערע קיניגן אויף דער וועלט. איך גלויב, אז איר דערקענט אין מיר און אין די עשירות, וואס איך האב אייך געוויזן, ווער איך בין. עס איז קיים נאך פאראן א מעכטיקער פרינץ אויף דער וועלט, וואס פארמאגט אזויפיל וויפיל איך האב אייך אט דא שוין געוויזן, שוין אפגערעדט דערפון, וואס איך האב נאך ביי מיר אין דער היים. אין מיין געשטאלט קענט איר אויך דערקענען, אז איך בין א בן־מלך. דעריבער, גנעדיקער האר, אויב איר האט בדעה מיר צו געבן אייער טאכטער פאר א ווייב, זאגט דאס מיר תיכף״. פרעגט אים דער שר: ״זאגט מיר על כל פנים פון וואנען זענט איר, מיין ליבער האר, ווי הייסט אייער קיניגרייך און אין

וועלכער געגנט געפינט עס זיך?״ הקיצור, דער שד איז געווען צו קלוג פאר דעם שר. ער האט אים אזוי לאנג איבערדברט, ביז ער האט מסכים געווען אים צו געבן זיין טאכטער פאר א ווייב.

באלד דערנאך האט דער שר געלאזט אויסרופן איבערן גאנצן לאנד, אז ער גייט חתונה מאכן זיין טאכטער און פארבעט אלעמען אויף דער שמחה. א חתונה איז דאס שוין איינמאל געווען! מען האט געהוליעט און זיך געלאזט ווילגיין, און דער עולם האט גרויס הנאה געהאט פון די טענץ און דעם שפרינגען, פון דעם שטעכן און טורנירן, ווי עס איז דער שטייגער ביי אזעלכע קיניגלעכע שמחות.

נאך דער חתונה האט דער שד, וואס איז געווארן דער איידעם פונעם שר, געזאגט צו זיין שווער: ״ליבער שווער, איך וויל איצט אהיים ציען. גיט מיר רשות צו גיין אין מיין לאנד מיט מיין ליב ווייב, ווייל איך האב מיין פאלק אין דער היים צוגעזאגט, אז איך וועל מיך נישט לאנג זוימען״. איז דאס דעם שר נישט געפעלן געווארן. האט ער אים געבעטן נאך א ווײַלע מיט דער טאכטער צו פארבלייבן. דער איידעם האט אבער דערפון גארנישט געוואלט הערן. ער האט געטענהט, אז ער האט מורא, טאמער וועט ער האבן דערפון א גרויסן היזק, אויב ער וועט צו לאנג אוועקבלייבן פון זיין מלכות. דער שר האט געזען, אז עס וועט אים גארנישט העלפן, האט ער ארויסגעגעבן א באפעל, אז א גרויסע צאל פון זיינע מעכטיקע ריטער זאלן באגלייטן דעם איידעם אויף זיין וועג אהיים. זענען מיט זיי אויך מיטגעגאנגען א סך פוס־גייער. דער שר האט אויך ביי זיך געהאט אן אלטן מאן, א לוטע־שפילער, וואס איז געווען א גרויסער מומחה אויף פארשיידענע כלי־זמר. איז ער אויך מיטגעצויגען מיטן שד, ווייל ער האט זיך געוואלט אנקוקן זיין לאנד. מיט אט דעם גאנצן הויזגעזינט, מיט א סך פאלק און גרויס כבוד האבן זיי זיך געלאזט אין וועג אריין. אויך דער אלטער שר מיט דער שרתה האבן זיי באגלייט. לסוף האבן זיי אלע גענומען רשות פון אנאנד און זיך געזעגנט מיט גרויס געוויין. דער שר האט זיך אומגעקערט אהיים און דער שד מיט זיין ווייב און דאס גאנצע פאלק האבן ממשיך געווען זייער רייזע, א וועג פון דריי טעג. צום סוף האבן זיי דערזען פאר זיך ליגן א שיינע שטאט. דעמאלט האט זיך דער שד געוואנדן צו זיינע באגלייטער און זיי געהייסן אהיימגיין. ער האט נישט געוואלט, אז זיי זאלן מיט אים אריינגיין אין שטאט. האבן זיי אבער אים אזוי לאנג מפציר געווען, ביז ער האט זיי נאכגעגעבן און צו זיי אט וואס געזאגט: ״גוט, איך וועל אייך דאס פארגעניגן טאן, ווייל איר זענט מיט מיר אזוי געטריי מיטגעריטן אין א ווייט, פרעמד לאנד; איך וועל אייך אויך ווידער לאזן בשלום אהיים ציען, ווייל אויב איר וואלט מיר נישט געווען אזוי געטריי, וואלט איך אייך אלעמען געווען געניזוקט״. דעמאלט האט ער זיי געזאגט, אז ער איז א שד, און אז דער שר האט זיך פארזינדיקט מיט זיין טאכטער, ווייל ער האט זיך געהאלטן גרויס און זי נישט געוואלט פאר קיינעמען אויסגעבן. אז דאס הויף־געזינט פונעם

שר האבן דאס דערהערט, האבן זיי זיך גאר שטארק דערשראקן. די יינגע פרוי איז פאר גרויס אימה אוועקגעפאלן אין חלשות און געבליבן ליגן ווי א טויטע, מחמת זי האט געציטערט אימת־המות פאר איר לעבן. זי האט אבער נישט געהאט קיין אנדערע ברירה און געמוזט מיטגיין מיט איר מאן דעם שד. נאטירלעך וואלט זי ליבערשט געוועזן אהיים געגאנגען מיט איר געזינט, אבער דאס איז דאך געווען אוממעגלעך. דעריבער האט איצט דער שד געהייסן דאס געזינט אהיים גיין. האבן זיי צו אים געזאגט: "ווי זאלן מיר גאר אזעלכעס דערציילן אונדזער האר? ער וועט דאך אונדז דאס גארנישט וועלן גלייבן. גיט אונדז דעריבער א סימן, וואס מיר זאלן קענען איבערגעבן אונדזער האר". ענטפערט זיי דער שד: "דאס וועט זיין אייער סימן. אהער זענט איר מיט געריטן דריי טעג, אבער צוריק וועט איר דערזעלביקער וועג נעמען גאנצע דריי וואכן. אזוי ארום וועט אייך אייער האר געוויס גלייבן, אז א שד האט אייך געפירט". באין ברירה האבן זיי געמוזט יעצט נעמען רשות פונעם שד און זיך געזעגנט מיט גרויס געוויין, און די יללות האבן גארנישט געוואלט נעמען קיין סוף. נאך דריי וואכן זענען זיי אנגעקומען אהיים און האבן דעם שר דערציילט אלץ, וואס עס האט זיך מיט זיי געטראפן, און אז זיין איידעם איז א שד. דעם טרויער און געיאמער ביים שר אין דערהיים קען מען זיך גאר לייכט אויסמאלן, מחמת דא איז נישט דער ארט דאס אלץ צו באשרייבן. פאר גרויס צער און יסורים זענען ביידע עלטערן באלד געשטארבן.

דער אלטער לוטע־שפילער איז אבער מיט זיי מיטגעריטן ביז אין סאמע שטאט אריין. דארטן האבן געוווינט בלויז שדים, גאט זאל אונדז אפהיטן. דער שד האט מיט זיין ווייב אפגעלעבט גאנצע דריי יאר, און תחלת דעם פערטן יאר האט ער צו איר געזאגט בזה הלשון: "פעדער דיך און קום מיט מיר. עס איז געקומען דיין צייט צו שטארבן!". האט זי נעבעך געמוזט מיט אים מיטגיין און דער אלטער לוטע־שפילער איז איר געטריי נאכגעגאנגען. האט זי דער שד צוגעפירט ביז צו דער טיר פונעם גהינום און זיין שיין ווייב איבערגעענטפערט אין די הענט פון שדים, וואס טאן פארדארבן די לייט און וואס מען רופט אן מלאכי חבלה. די יינגע פרוי איז אריין אין גהינום און איר מאן דער שד איז ווידער צוריק צו זיך אין שטאט אריין צו די איבעריקע שדים. דער לוטע־שפילער איז געבליבן שטיין פון דרויסן און אריינגעקוקט אין גהינום און דארטן דערזען זיצן אן אנדערן לוטע־שפילער, וועמען ער האט געקענט פון פריער, ווייל זיי זענען געווען אלטע חברים. זאגט אונדזער לוטע־שפילער צו יענעם: "זאג מיר, מיין ליבער פריינד, וואס טוסט דו אין גהינום?" ענטפערט אים יענער: "זעסטו נישט, אז איך שפיל א לוטע אין גהינום? זיי אבער געווארנט נישט מיטצוגיין מיט דער פרוי מיט וועמען דו ביסט אהער געקומען, ווייל וויבאלד דו וועסט צו איר נאר גענענען, וועסטו שוין מוזן דא בלייבן. זי איז איצט געווארן איבערגעענטפערט אין די הענט פון די שדים, דערפאר גיי נישט צו צו איר". זאגט דער לוטע־שפילער, וואס איז געשטאנען פון דרויסן צו

יענעם, וואס איז געזעסן אינעווייניק: "ליבער, זאג מיר ווי אזוי ביזטו נישט פארברענט געווארן הגם דו ביזט אין גהינום? ווייסן מיר דאך, אז טאמער קומט א מענטש אריין אין גהינום ווערט ער תיכף פארברענט. זיכער האסטו אמאל געטאן א דבר טוב, וואס אין דעם זכות האט דאס פייער פון גהינום קיין שליטה נישט אויף דיר". ענטפערט אים יענער: "איך ווייס באמת נישט פון קיין אפזונדערס גוטע מעשים וואס איך האב אמאל געטאן אין מיין לעבן, אחוץ אפשר וואס איך האב געפלעגט אויפשפילן אויף יידישע חתונות און אזוי ארום דעם עולם געמאכט פריילעך". טראכט זיך דער לוטע־שפילער, וואס איז געשטאנען פון דרויסן און מאכט א קל־וחומר: מה־דאך, אז איינער, וואס האט אמאל געשפילט פאר יידן אויף דער לוטע און זיי געמאכט פריילעך, איז נישט געווארן פארברענט אינעם פייער פון גהינום, הייבט ערשט ווען אייגער איז אין גאנצן א ייד, קומט ער דאך זיכער נישט אריין אינעם גהינום! אזוי זאגט ער צו יענעם: "ליבער גיב מיר אן עצה ווי אזוי איך זאל פון דאנען ווידער ארויסקומען און גיב מיר א סימן, אז איך האב מיט דיר גערעדט. אויב גאט דער אלמעכטיקער וועט מיט מיר טאן א חסד און מיך בשלום אומקערן צווישן מענטשן, וועל איך זיי קענען אלצדינג איבערגעבן וואס דו האסט מיר אט דא דערציילט און מען וועט מיר דאס גלייבן". זאגט יענער צו אים: "גרייך מיר דיין האנט און ריר מיך אן מיטן קליינעם פינגער, אזוי וועסטו זען גאר א גרויס וונדער". וויבאלד יענער האט אים נאר אנגערירט מיט זיין פינגער, האט זיך דער פינגער אנגעצונדן און געברענט, און האט זיך נישט מער געקענט פאר־לעשן. דער ברענענדיקער פינגער האט אים ווי א ליכט געוויזן דעם וועג ווו צו גיין און אזוי האט זיך דער לוטע־שפילער געלאזט אין וועג אריין. אומעטום, ווו ער איז נאר אנגעקומען האט ער זיך נאכגעפרעגט אויף יידן. צום סוף איז ער אנגעקומען אין א שטאט ווו עס האבן געוווינט א סך יידן. האט ער זיי געבעטן, אז זיי זאלן אים מגייר זיין. האבן זיי אים געענטפערט: "גיי צו רבי יודא חסיד וועט ער דיך מגייר זיין".

אזוי איז דער אלטער לוטע־שפילער אויך פון זיי אוועק געגאנגען און זיך געלאזט אויפן וועג קיין רעגענסבורג, ווו עס האט געוווינט דער חסיד. בשעת ער איז נאך געווען דריי מייל ווייט פון דער שטאט, האט מען מן השמים דעם חסיד מגלה געווען, אז אזא איינער וועט צו אים קומען. האט דער חסיד דערויף געזאגט צו זיינע בחורים: "איך שמעק דאס פייער פון גהינום. אט וועט דא איינער, א גוי, קומען און באך מיר פרעגן. זאגט אים, אז איך בין נישט אין דער היים. פרעגט ביי אים אבער וואס ער וויל. אויב ער זאגט, אז ער וויל זיך מגייר זיין, טא זייט אים מגייר, כדי צו פארטרייבן דער שלעכטן ריח פון גהינום".

באלד טאקע איז דער לוטע־שפילער אנגעקומען קיין רעגענסבורג און זיך נאכגעפרעגט ביי די בחורים אויף רבי יודאן. האבן זיי אים געענטפערט, אז ער איז גראד נישטא אין דער היים און דעריבער קען ער אים נישט זען. דעמאלט

זאגט ער זיי, אז ער וויל זיך מגייר זיין. על כן האבן די בחורים אים מגייר געווען אין א באזונדערן חדר, אזוי ווי דער חסיד האט זיי געהייסן. פון דער רגע אן האט זיך דאס פייער פון גהינום פארלאשן און עס האט נישט מער געשלאגן מיטן שלעכטן ריח פון גהינום. ערשט דעמאלט איז דער חסיד אריינגעקומען און געטראפן דעם לוטע־שפילער זיצן אין זיין שטוב. האט ער אים געפרעגט, וואס פאר א מסחר ער האט און פון וואנען ער נעמט זיך דאס מיטן פייער פון גהינום. האט ער דעם חסיד דערציילט די גאנצע מעשה, וואס עס האט זיך געטראפן מיטן שר און זיין טאכטער. דער חסיד האט מיט אים געלערנט און ער איז דערנאך געווארן א פרומער ייד.

* * *

**נר. ק״פ.** (ב. אן א נומעראציע). **אליהו הנביא ביים יידישן.**

**א מעשה איז געשען אין רבי יודא חסידס צייטן. אין דער שטאט רעגענס־בורג** איז אמאל געבוירן געווארן א קינד. און דער מנהג פאר צייטנס איז געווען אזוי: בעת מען האט אריינגעטראגען דאס קינד אין דער שול צו דער ברית־מילה, איז גאנץ קהל אויפגעשטאנען פון זייערע ערטער און אויסגערופן ״ברוך הבא״ לכבוד אליהו הנביא, וואס איז געוויינטלעך אריינגעקומען צוזאמען מיטן קינד. דערפאר טאקע שטעלט מען אויך אוועק ביי דער ברית מילה צוויי שטולן לעבן אנאנדער. דאסמאל אבער איז דער חסיד נישט אויפגעשטאנען מקבל פנים זיין דאס קינד, און בשעת כל הקהל האט גערופן ״ברוך הבא״, האט דער חסיד געשוויגן. די סיבה דערפון איז געווען, וואס ער האט נישט געזען אליהו הנביאן אריינקומען צוזאמען מיטן קינד, ווי דאס איז תמיד געווען זיין סדר. דער עולם האט זיך דערפאר שטארק געחידושט און אים געפרעגט פארוואס ער האט אזוי מבייש געווען דאס קינד. ענטפערט דער חסיד: ״דאס איז דערפאר, ווייל איך האב נישט געזען אליהון אריינקומען מיטן קינד און ער האט זיך נישט אוועק־געזעצט אויף דעם שטול, וואס איז געווען אנגעגרייט פאר אים. מסתמא איז דא עפעס נישט אזוי פשוט״. דערנאך ווענדט ער זיך צו א טייל פון דעם עולם און זאגט צו זיי: קוקט ארויס דארטן פון יענעם פענצטער וועט איר זען ווי אליהו הנביא זיצט אין דער געשטאלט פון אן אלטן מאן מיט א לאנגער בארד, ווייס ווי שניי, און איז גראד מתפלל״. האט אים דער עולם געבעטן, אז ער זאל זיי דאך מגלה זיין די סיבה, פארוואס אליהו הנביא האט זיך דאסמאל נישט געזעצט אויף דעם שטול, אזוי ווי עס איז תמיד זיין סדר. האט זיי דער חסיד געענטפערט: ״איר זאלט וויסן, אז דאס קינד וועט אמאל האבן א בייזע שעה און וועט זיך ווערן שמדן, דערפאר וויל אליהו ביי זיין ברית מילה נישט זיצן״. אט דאס איז געווען דאסזעלביקע קינד, וועגן וועם איר האט אויבן געלייענט אין סימן קע״ז (ב. קע״ו).

* * *

גר. קפ"א. (ב. ק"פ). דאס שטומע קינד הויבט אן רעדן.

א מעשה האט זיך געטראפן אין די צייטן פון רבי יודא חסיד. אמאל איז געבוירן געווארן א קינד, איז עס געווען שטום. עס איז אונטערגעוואקסן און האט אלץ נאך נישט געקאנט רעדן. די מוטער האט געהערט א סך דערציילן פון רבי יודא חסיד, האט זי באשלאסן זיך צו אים צו ווענדן. זי האט פאר רבי יודאן אויסגעוויינט איר ביטער ביסל מזל, הלמאי איז איר קינד אינצווישן אונ־טערגעוואקסן און קאן נאך אלץ נישט ארויסרעדן קיין ווארט. וויל זי בעטן אן עצה פון דעם גוטן ייד, וואס צו טאן. זאגט צו איר דער חסיד: "נעם דאס קינד און טראג עס אוועק אויפן וועג קיין לאנשהוט (אזוי הייסט א קליין מקום ביי רעגענסבורג). אז דו וועסט פארביי גיין א דארף וואס הייסט גומלה, פרעג דעם ערשטן בעסטן מענטש, וואס וועט דיר אנטקעגן קומען 'ליבער, איך האב א שטום קינד, וואס זאל איך מיט אים טאן כדי עס זאל אנהייבן רעדן?" און אלץ וואס יענער וועט דיך הייסן זאלסטו טאן.

האט די פרוי אזוי געטאן ווי דער חסיד האט זי געהייסן. אנקומענדיק אין דארף האט זי געטראפן א גוי, פרעגט זי אים, וואס זי זאל טאן מיטן קינד, אז עס זאל אנהייבן רעדן. ענטפערט איר דער גוי מיט רישעות: "ווארף אים אין פייער אריין!" זאגט צו אים די פרוי: "א כפרה זאלסטו זיין פאר מיר און מיין קינד, ווייל זי האט גוט געוווסט, אז דאס וועט פאר דעם קינד נישט זיין קיין רפואה. אזוי איז זי ווידער צוריקגעקומען צום חסיד און אים דערציילט, וואס עס האט זיך מיט איר געטראפן. זאגט צו איר דער חסיד: "דו האסט נישט ריכטיג געטאן, אויב דו האסט נישט געפאלגט דעם גוי ווי ער האט דיך געהייסן. דו וואלסט נישט חלילה מוזן פארברענען דאס קינד, נייערט דאס קינד לייגן אויף א הייס ברעט אויפן אויוון, ארויפווארפן אויף אים א מולטער און אים אזוי א ווײַלע לאזן ליגן. דערנאך וואלסטו אים פון דארט אפויער גענומען און דאס קינד וואלט גערעדט. דעריבער טאקע גיי נאך היינט בייטאג אין דעם דארף און פרעג ווידער אמאל דעם ערשטן, וואס וועט דיר אנטקעגן קומען, פונקט אזוי ווי איך האב דיך שוין פריער געהייסן, און טו אזוי ווי ער וועט דיר זאגן.

די גוטע פרוי איז ווידער אמאל אוועק אין דארף אריין. דארט איז איר אנטקעגן געקומען אן אנדער גוי. פרעגט זי אים: "ליבער פריינד, וואס זאל איך טאן מיטן קינד, אז עס זאל אנהייבן רעדן?" ענטפערט איר דער גוי מיט רישעות: "ווארף אים אין וואסער אריין!", מיינענדיק דערביי דעם טייך איזאר. די פרוי האט ביי זיך געהאט א גויה, האט זי צו איר געזאגט: "איך וועל ארייג־גיין אין וואסער און וועל אויסשפרייטן מיין שארץ. גיי דו אהין און ווארף דאס קינד אריין אין וואסער, וועל איך אים אויפכאפן, אז עס זאל זיך נישט טרינקען". די גויה האט אזוי געטאן ווי די גוטע פרוי האט זי געהייסן. זי האט דאס קינד אריינגעווארפן אין וואסער און די גוטע מוטער האט אים תיכף אויפגעכאפט אין איר שארץ. בשעת מעשה אבער האט דאס קינד גענומען שרייען: שוך, שוך, ווי קאלט איז מיר! פון דעמאלט אן האט דאס קינד צוריקבאקומען

זיין לשון און אנגעהויבן רעדן ווי יעדער אנדערער מענטש. דער חסיד האט מיט אים שפעטער אויך געלערנט און ער איז געווארן א גרויסער תלמיד חכם.

* * *

קפ״ב (ב. קפ״א). דער סדר ביי רבי יודא חסיד.

א מעשה האט זיך געטראפן מיט רבי יודא חסיד און מיט אן אנדערן גדול הדור, וואס האט געוווינט אין שפייער און געהייסן ר׳בי יודא בן שג׳אור. אמאל האט ער זיך געלאזט גיין קיין רעגענסבורג און איז אנגעקומען צו רבי יודא חסיד אין סאמע ערב פסח. בשעת דעם סדר איז רבי יודא חסיד געווען זייער אויפגע־רוימט. אז דער אנדערער חסיד האט דאס געזען איז ער אויך געווארן זייער פריי־לעך. נאכן סדר האט דער חסיד פון שפייער גענומען טאנצן מלא חדוה ארום דעם טיש. דערויף האט אים רבי יודא חסיד געפרעגט פארוואס ער איז געווארן אויף איינמאל אזוי מלא שמחה. האט יענער ערשט רעכט אנגעהויבן מיט התלה־בות צו טאנצן און צו פאטשן מיט דבקות אין די הענט. האט אים רבי יודא נאך אמאל געפרעגט די סיבה פון זיין הייליקער פרייד. האט אים דער חסיד פון שפייער געענטפערט: ״איך בין אזוי מלא שמחה מחמת איך האב דיך היינט געזען אזוי פריילעך, האט דאס מיין הארץ אנגעפילט מיט פרייד״. זאגט צו אים רבי יודא חסיד: ״איך וויל דיר זאגן פארוואס איך בין היינט געווען אזוי פריילעך. היינט האבן מיר געהאט די זכיה, צו האבן אליהו הנביאן ביי אונדז ביים סדר״. שרייט דער חסיד פון שפייער: ״אוי ווי צו מיר, וואס איך האב נישט זוכה געווען צו זען אליהו הנביאן״. זאגט אים רבי יודא חסיד: ״ניין, אדרבא, איך זאג, ווייל איז דיר, וואס ער איז געזעסן נעבן צו דיר ווי צו מיר״. פונדעסטוועגן האט דער חסיד פון שפייער פארט געהאט חלישת הדעת, ביז רבי יודא האט אים מבטיח געווען: ״זאלסט וויסן זיין, אז דו ביסט א בן־עולם־הבא און וועסט נישט ליידן קיין חיבוט־הקבר״. צום סוף האט נאך רבי יודא חסיד מוסיף געווען: ״זאלסט וויסן, אז עס זענען פאראן אין דער וועלט דריי צדיקי־הדור און דו ביסט איינער פון זיי!״ לאנג האבן זיי ביידע נאך עוסק געווען אין תורה. הקדוש־ברוך־הוא זאל אונדז זייער זכות לאזן געניסן. אמן סלה.

* * *

נר. קפ״ג. (ב. קנ״ח). דער טויער־היטער פון רעגענסבורג.

א מעשה האט זיך געטראפן אין די צייטן פון ר׳בי יודא חסיד. אין רעגענס־בורג איז געווען א טויער־היטער, א גרויסער רשע. אלע מאל ווען א ייד איז נפטר געווארן און מען האט אים ארויסגעטראגן צו קבורה דורכן שטאט־טויער, האט דער טויער־וועכטער אויף צו להכעיס גענומען קלינגען מיט די טויער־גלאקן.

ויהי, און עס איז געווען, אז רבי יודא איז געווארן קראנק און געווען א גוטה־למות, האט ער געלאזט צונויפרופן כל הקהל און צו זיי אזוי געזאגט: ״ליבע רבותי, איך ליג דא אין גאטס ברוך־הוא׳ס האנט און וועל מסתמא באלד ניפטר ווערן. וויל איך אייך אבער איבערגעבן א סימן, אז איר זאלט וויסן, אז איך בין א בן־עולם־הבא. און דאס וועט זיין דער סימן. ווען מען וועט מיך ארויסטראגן צו קבורה דורכן טויער, ווו דער מרושעדיקער גוי וווינט, וועט ער אנהייבן, ווי זיין סדר איז, צו קלינגען מיט די גלאקן. אבער באותו רגע וועט דאס טויער איינפאלן, אזוי אז מען וועט מיך נישט קענען ארויסטראגן דורכן זעלביקן טויער. ווען דאס וועט געשען, דעמאלט זאלט איר וויסן זיין, אז איך בין שוין אריינגעקומען אין גן־עדן.

אז דער חסיד איז בעוונותינו הרבים נפטר געווארן און מען האט דעם בר־מינן ארויסגעטראגן דורכן טויער, האט דער מרושעדיקער טויער־היטער אנגעהויבן צו קלינגען מיט די גלאקן. איז אבער געשען א נס, אז דאס טויער איז איינגעפאלן און דערהרגעט דעם טויער־היטער, אזוי אז מען האט די מיטה מיטן חסיד נישט געקענט ארויסטראגן דורך דעמזעלביקן טויער.

אז די מעשה איז נישט קיין אויסגעטראכטע, קענט איר אליין זען. פארט אקארשט אריבער קיין רעגענסבורג, טא וועט איר דאס אלץ אליין זען און הערן. ווארים מען האט דאס זעלביקע טויער עד היום נישט מער געקענט אויפבויען. מען האט דאס געפרווט אפט צו טאן, אבער אזוי גיך ווי מען האט דאס טויער אויפגעבויט, איז עס ווידער איינגעפאלן. עס האט נישט געקענט בלייבן שטיין.

* * *

## הוספות

א. דער נס פון דער ווארמסער שול. (פון ״ספר מעשה נסים״, נר. 8).

ב. דער הימל עפענט זיך. (מעשה בוך, קס״ב און אנדערע מקורים).

ג. די פטירה פון ר׳ יודא חסיד. (לויט כ״י ברילל נר. 37 און כ״י אינס־ברוק נר. 95).

* * *

א. דער נס פון דער ווארמסער שול.

נאך א מעשה איז געשען מיט דער מוטער פון רבי יודא חסיד. בשעת זי איז געווען מעוברת מיט אים, איז זי אמאל געשטאנען אינעם ענגן געסל לעבן דער ווייבער־שול אין ווארמס. מיט אמאל איז אנגעקומען א פורמאן, א גרויסער רשע, מיט זיין פערד און וואגן און האט דווקא געוואלט די צדיקית איבער־

פארן. אין דער גרויסער סכנה האט די פרוי געגומען שפארן צו דער וואנט פון דער ווייבער־שול און עס איז געשען א נס, אז די מויער האט זיך איינגעבויגן, אזוי אז די צדיקית האט געקענט אין איר אריין און איז ניצול געווארן פון א זיכערן טויט. אזעלכע נסים זענען א סך געשען זינט מיר זענען אין גלות. דערפון קען מען אבער אפלערנען, וואס פאר א גרויסער צדיק רבי יודא חסיד איז געווען, אז אים איז אזא גרויסער נס געשען בשעת ער איז נאך געווען אין זיין מאמעס בויך. נאך ביי היינטיקן טאג שטייט דיזעלביקע מויער איינגעבויגן און אלע פרעמדע, וואס קומען קיין ווארמס גיין דארט אהין זען דאס גרויסע נס. אויך דער ספר שלשלת הקבלה ברענגט די דאזיקע מעשה.

* * *

ב. דער הימל עפענט זיך.

א מעשה שהיה. אמאל האט רבי שמואל געוואנדערט אונטערוועגס און צוויי אירע זענען מיט אים מיטגעגאנגען. אויף איינמאל האט רבי שמואל דערזען ווי דער הימל עפנט זיך. האט ער געזאגט צו זיינע חברים: איך זע בחוש ווי דער הימל שטייט אפן. זאל יעדער פון אייך בעטן ביי הקב״ה, אזוי וועט זיין בקשה ווערן דערפילט. האבן זיי אלע דריי תפילה געטאן. דער איינער האט געבעטן ביי הקב״ה, אז ער זאל אים געבן שיינע קינדער, דער אנדער עשירות און דער חסיד האט געבעטן פון הקב״ה קינדער, וואס זאלן באגערן צו לערנען, היות ער האט נאך דעמאלט קיין קינדער נישט געהאט. און גאט האט אלע דריי בקשות דערהערט. אז דער חסיד איז אהיים געקומען, איז זיין ווייב פארגאנגען אין טראגן און האט געווינען צו אים רבי אברהם און דערנאך האט זי געווינען רבי יודא חסיד, זאל גאט אונדז לאזן זיין זכות געניסן. אמן סלה.

* * *

ג. די פטירה פון ר׳ יודא חסיד.

מעשה. אז ר׳ יודא חסיד איז געווארן קראנק און האט געהאלטן ביים שטארבן, זענען אים געקומען מבקר חולה זיין די טובי־העיר און די שטאטישע לומדים. האט ר׳ יודא געבעטן, אז מען זאל די שטוב צורוימען און אוועקקערן פון אונטער זיין בעט. מיט אמאל זאגט ער צו די וואס זענען געזעסן לעבן אים: קענט איר עפעס זען? ענטפערן זיי: ״מיר זען ווייטער גארנישט, נאר אויפן שטויב פון אונטער דיין בעט שטייט געשריבן דאס ווארט חסיד״. מאכט ער צו זיי: ״גיט מיר טינט, א פען און פאפיר אזוי וועל איך אייך מגלה זיין

דעם קץ״. אז זיי האבן אים דערלאנגט די פען אין די האנט אריין, האט ער באלד אין ריינקייט אויסגעהויכט זיין לויטערע נשמה און איז נפטר געווארן. הקב״ה זאל אונז לאזן געניסן זיין פרומקייט און די פרומקייט פון אנדערע צדיקים. אמן סלה.

* * *

# Bibliography — ביבליאגראפיע

## I. Hebrew and Yiddish works

### העברעישע און יידישע ווערק


אגדות הארץ, אשר בן־ישראל אבי־עודד (2 בענד), תל־אביב, תשי״ג.

אורבך, אפרים א., בעלי התוספות. ירושלים, 1955.

אור זרוע = יצחק בן משה מוינה, אור זרוע. זשיטאמיר, 1862.

אייזענשטיין, י. ד., אוצר המדרשים. ניו־יארק, תרפ״ח.

אפטוביצר, אביגדור, מבוא לספר ראבי״ה. ירושלים, תרצ״ח.

אפשטיין, אברהם, כתבים, א׳.

אליר לייא גשיכטי. אמסטערדאם, 1723.

בין גריון, מ. י., ממקור ישראל. תל־אביב, תש״ה.

בין גריון, עמנואל, שבילי האגדה. ירושלים, תש״י.

ברדיצבסקי, מ.י., מאוצר האגדה (2 בענד). בערלין, תרע״ד.

בראשית רבה, זע מדרש בראשית רבה.

זלוטניק, י.ל., מעשה ירושלמי. ירושלים, תש״ז.

חיבור המעשיות והגדות. ווערונא, 1647.

חיבור יפה = רבינו נסים ב״ר יעקב, חיבור יפה מהישועה. אויסגאבע, ח. ז. הירשברג. ירושלים, תשי״ד.

חיבת ירושלים. ירושלים, 1864.

ילקוט שמעוני (חורב), תרפ״ו.

כהן, י. ל., יידישער פאלקלאר. ווילנע, 1938.

מדרש בראשית רבה (חורב), תרפ״ד.

מדרש תנחומא, אויסג. ש. בובער.

מדרש עשרת הדברות. ווערונא, 1647.

מעשה־בוך. באזעל, 1602.

מעשיות פליאות. קראקע, 1896.

סיפורי צדיקים. ווילנע, 1909.

ספר המעשיות. באגדאד, תרנ״ב.

ספר חסידים, אויסגאבע א. פריימאנן, פראנקפורט, 1924.
ספר מעשה נסים. אמסטערדאם, 1696.

עריק, מאקס, די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראטור. ווארשע, 1928.

פסיקתא רבתי, אויסג׳ איש שלום.
פרקי דר׳ אליעזר. לעמבערג, 1874.

צינבערג, דר. י., די געשיכטע פון דער ליטעראטור ביי יידן. באנד 6, ווילנע, 1935.

קיידאנאווער, צבי הירש, ספר קב הישר. לובלין, תרס״ט.

רעכטמאן, א., יידישע עטנאגראפיע און פאלקלאר. בוענאס־איירעס, 1958.

שבחי בעל־שם. לעמבערג, 1905.
שלשלת הקבלה = גדליה אבן יחיא, שלשלת הקבלה. ווארשע, תרפ״ח.

תלמוד בבלי.
תלמוד ירושלמי.

## II. Other Works — אלגעמיינע ליטעראטור

Anmerkungen=Johannes Bolte und Georg Polivka, Anmerkungen zu den Kinder- und Hausmärchen der Brüder Grimm. Leipzig, 1913 ff.

Baron, Wittmayer Salo, A Social and Religious History of the Jews. Philadelphia, 1958 ff.

Bédier, J., Les Fabliaux, Paris, 1893.

Benfey, Th., Pantschatantra, 2 vols., Leipzig, 1859.

Bin Gorion, M. J., Der Born Judas, 6 vols., Leipzig, Insel-Verlag.

Clouston, W. A., Popular tales and fiction. 2 vols., Edinburg & London 1887.

Cosquin, E., Contes populaires de Lorraine. 2 vols., Paris, 1886.

Gaster, M., The Exempla of the Rabbis. London-Leipzig, 1924.

„ „ Ma'aseh Book, 2 vols. Philadelphia, 1934.

Gesta Romanorum, ed. H. Oesterley, Berlin, 1872.

Ginzberg, Louis, The Legends of the Jews, I—VI. Philadelphia, 1947 ff.

Grimm, Brüder, Kinder- und Hausmärchen.

Grünbaum, Max, Jüdisch-deutsche Chrestomatie. Leipzig, 1882.

„ „ Neue Beiträge zur semitischen Sagenkunde. Leiden, 1893.

Günter, H., Die christliche Legende des Abendlandes. Heidelberg, 1910.

Hagen, F. H. v.d., Gesamtabenteuer, 3 vols. Stuttgart und Tübingen, 1850.

Hanauer, J. E., Folklore of the Holy Land. London, 1907.

HWDA.=Handwörterbuch des deutschen Aberglaubens, 1—10. Berlin und Leipzig, 1927 ff.

Hertling, G. F., Albertus Magnus. Köln, 1889 (and 1914).

Hovorka O.v. und A. Kronfeld, Vergleichende Volksmedizin. Stuttgart, 1908/9.

Kampers, Franz, Die deutsche Kaiseridee in Prophetie und Sage, 1896.

Krappe, A. H., The Science of Folklore, 1930.

Lexer = Dr. Matthias Lexer, Mittelhoch-deutsches Handwörterbuch, 3 vols., Leipzig, 1872 ff.

Lucius, E., Die Anfänge des Heiligenkults in der deutschen Kirche. Tübingen, 1904.

Maitlis, J., Das Ma'assebuch. Berlin, 1933.

„ „ The Ma'aseh in the Yiddish ethical Literature. London. 1958.

Malinowski, A., Myth in primitive psychology, 1926.

Neubauer, A., Mediaeval Jewish Chronicles. Oxford, 1895.

Rappoport, A. S., The Folklore of the Jews. London, 1937.

Saintyves, P., Essais de folklore biblique. Paris, 1922.

Salzberger, S., Die Salomon-Sage in der semitischen Literatur. Berlin, 1907.

Schambach, G., und W. Müller, Niedersächsische Sagen und Märchen, 1855.

Scholem, G., Major trends in Jewish Mysticism. New York, 1941.

Seymour, St. John D., Tales of King Solomon, 1924.

Simrock, Carl, Legenden, 1855.

Toldo, Peter, Leben und Wunder der Heiligen im Mittelalter, in Kochs Studien zur vergleichenden Literaturgeschichte. Breslau, 1901 ff.

Thompson, Stith, The Folktale. New York, 1946.

Wickram, Jörg, Rollwagenbüchlein (ed. Karl Müller), 1881.

Zunz, L., Zur Geschichte und Literatur. Berlin, 1845.

## Periodicals — פעריאָדיק

Festschrift Berliner="Festschrift zum 70 jährigen Geburtstage A. Berliners." Frankfurt a.M., 1903.

HUCA=Hebrew Union College Annual.

Jahrbücher für jüdische Geschichte und Literatur, ed. N. Brüll. Frankfurt am Main.

Jahrbuch für jüdische Volkskunde, ed. M. Grunwald. Berlin-Wien, 1923.

Mitteilungen aus dem Arbeitskreis für Jiddistik, ed. Franz J. Baranek, Butzbach. Vol. 2, 1960.

Occident and Orient, Gaster Anniversary Volume, London, 1936.

REJ.=Revue des études juives, Paris.

Steinschneider, M., in R. Naumanns Serapeum.

Zeitschrift fur vergleichende Literaturgeschichte. Vol. 14 (1901).

ZION (ציון), vol. III, 1938.

For the benefit of English readers the author would like to draw attention to the fine translation of the "Ma'aseh Book" by Moses Gaster, volume I and II (The Jewish Publication Society of America, Philadelphia, 1934).

Finally, the author wishes to put on record the encouragement and help he has received from a number of friends and institutions, without which the publication of the present volume in Yiddish would not have been possible. His thanks go to all of them. The author also wishes to acknowledge the service and assistance he received during the period of his work from the British Museum, Department of Oriental Books and Mss.

Mayence learned from Rabbi Judah the mysteries of the Torah, and travelled in no time from Regensburg to Mayence. In addition to the seventy languages in some stories, the hero is also taught the language of the animals and of the birds, giving him extraordinary powers and knowledge not available to any other man. In story No. 173 the hero is initiated into the esoteric teachings, by swallowing the mystical letters which Rabbi Judah wrote on the sand with his staff.

We are given an insight into the working of some "metapsychic" manifestations of the human soul and the conjuring up of a spirit in the No. 160, about Rabbi Samuel and the three priests. Such beliefs in magic practices were widespread, as we know, among both Christians and Jews, but the sublime teachings of the "Book of the Devout" was at pains to renounce them most emphatically (Sepher Hassidim, § 211).

8. A saint and visionary like Rabbi Judah, the pious, is bound in the popular imagination to have had the key to the great mystery of the "end of days." As we know, many men before him tried to reveal the great secret of the "end," of the coming of the Messiah, and failed. So too did Rabbi Judah. On his death bed, says the legend (preserved in the Hebrew and Yiddish Mss.), when the scholars and leaders of the community had gathered round him to pay him their respects, Rabbi Judah asked for pen and paper so that he should write down the secret of the "end." But before he could do this, he died and the secret remained undisclosed. It was, we know, an old accepted rule to discourage messianic speculations of any kind, and the Talmud (Sanhedrin 97b) strongly condemns those who occupy themselves with ascertaining the end of time.

In contrast to the popular belief the "Book of the Devout" sounds here too a note of warning against all such speculations about the coming of the Messiah. Perhaps Rabbi Judah and his associates, "aware of the ravages caused by the messianic frenzy in the daily life of numerous individuals" (Salo Wittmayer Baron) especially in the perilous times of the Crusades, have tried to discourage such messianic speculations. The popular tradition however tried to attach to Rabbi Judah's name an attempt to reveal this secret.

as a religious leader, and he was in addition believed to be in command of magic and occult forces which gave him unlimited powers over the adversaries of his sorely tried people. Nothing was concealed from him. He had the faculty of seeing what was happening out of sight, and he once detected hidden treasures, thus saving an innocent man from punishment (No. 172). By using mystical charms he resurrected the dead (Nos. 170 and 171) and punished the wicked. The prophet Elijah was often his guest (Nos. 180 and 182).

6. Like many great men of the past, Rabbi Judah was dedicated already in his mother's womb. While she was pregnant, a miracle occurred with her in the Judengasse of Worms, which saved her from death ("Sepher Ma'ase Nissim," No. 8). Another legend (No. 166) relates the act of his revelation at the age of eighteen. Till then Rabbi Judah, the story goes, was an ignorant man, a good-for-nothing, who went about all the time shooting with bow and arrow. Only when his father Rabbi Samuel pronounced the holy name of God in the house of learning, a great illumination from within had come upon him. And he soon became a great scholar, and a master in the mysteries of the Torah.

7. The closing chapter of our study deals with the comparison of motifs and variants of the stories contained in our collection. Widespread motifs from East and West are mingled here with traditional Jewish lore. Numerous variants of and parallels to the legends, are to be found in the folklore of other nations. Old concepts are often mixed with oriental and European popular beliefs. In No. 169 Rabbi Haninah, the future son-in-law of Rabbi Judah, is seen spending a Sabbath in the terrestrial paradise, in the noble company of the Patriarchs, Moses our teacher, and the prophets Jeremiah and Elijah. While in paradise our hero is taught all the mysteries of the Torah, and in addition the 70 languages (a belief based on the biblical conception of the seventy nations of the world). In order to arrive in time for his wedding to the daughter of Rabbi Judah, our hero rides in a cloud (a common motif : the "Seven league boots"). The last two motifs are also found in our story No. 173, how Rabbi Eliezer of

not only venterated as men of outstanding virtues and as saints by their own people, but they were at the same time held in high regard by the Gentiles. The stories tell us of interesting incidents, their dealings with high church dignitaries and persons of official standing. Rabbi Judah was, we are told, "persona grata" with a mighty duke, "who in all things followed the advice of Rabbi Judah." and on his advice refused to join Phillip II in war, and give him his help. A link of close friendship seems to have existed between Rabbi Judah and the mayor of Regensburg, who thought highly of him. Once, when a massacre threatened the Jews of Regensburg due to a murder libel, the mayor acted wisely and helped to save the Jews. On the other hand, Rabbi Judah seems to have had a feud with the Bishop of Salzburg, who sought his life. In the end the Bishop changed his mind, and treated all the Jews of his lands well. The legend piously adds that he later embraced Judaism, and became a good Jew.

It is known that Rabbi Samuel, the father, as many others wandered for many years from town to town, from one place of learning to another. In the course of these journeys he once visited Rabbi Jacob ben Meir (Rabenu Tam) in Ramerupt in Northern France (No. 158) and went as far as Narbonne. According to G. Scholem (Major Trends in Jewish Mysticism, p.115), Rabbi Samuel may on these journeys have come into contact with some Jewish sectarians, and their writings, which may account for the influence of Neoplatonic thought and occult traditions in the mystic teachings of the old Hassidim. The legend is not content however with the fact, and has tried in its own dramatic manner to *explain* the reason for these long and arduous travels. It was, we are told, punishment for a grave sin he had committed by creating a huge lion "bigger than a camel," using for this purpose the mystical name of God. His father, Rabbi Kalonymos, was greatly disturbed and angered by it and in punishing his son, imposed on him the penance of long wanderings גלות. The legend in its Hebrew version also attributes to Rabbi Samuel the creation of a homunculus גולם which became his servant during his wanderings.

Rabbi Judah was like his father venerated by his contemporaries and glorified by posterity. He held an unrivalled position

belong to our cycle. 2. The well preserved Ms. Innsbruck (now in the possession of Mrs. Zimt-Sand of New York). Here again most of the 26 stories of the cycle are, except for minor variations, identical with the version of the Ma'aseh Book.

4. In this cycle we have the early type of the שבחים literature which became extremely popular with the ascendency of the Safed mystics, Rabbi Isaac Luria and his pupil Rabbi Haim Vital (16th c.), and later with the founder of the Hassidic movement in the 18th c., Rabbi Israel Bal-Shem-Tov.

Many of our tales belong to the type of old legends and stories glorifying biblical and talmudical personages, ascribing to them many marvellous deeds. Over the course of centuries new spiritual heroes appeared, who became venerated for their outstanding virtues and learning. Miracles were ascribed to them, and they were said to have come often to the rescue of their people in time of danger.

5. The legends with which we are dealing in our study are partly of a biographical nature, based as they were on facts and incidents of the past but overgrown with legendary lore which had begun already in the lifetime of our heroes. Popular imagination often turned these revered masters into miracle-workers possessing occult and magic powers. The legends are thus filled with all sorts of physical marvels, many of them magic, but some simply miraculous, and due to Divine intervention, brought about by the pious through the very nature of his saintliness.

Besides the miraculous element, the legends have preserved some biographical facts, which underlie the stories, and provide us with an insight into the life of the Jews and their social and economic conditions at the time, depicting simultaneously some of the tragic events which occurred with a certain regularity in the old ghetto. Finally the legends may also serve as a valuable source for the study of customs and beliefs, superstitions and the practices of mediaeval Jewry. All this is of considerable importance for the "Kulturgeschichte" of the Jews and for comparative storyology.

Both Rabbi Samuel and Rabbi Judah, the legend refers, were

The Exempla of Rabbi Samuel and Rabbi Judah, the Pious

(*Summary*)

1. The old-Yiddish Ma'aseh Book (first edition, Basel, 1602) contains a collection of 27 purely mediaeval stories, mainly biographical, centred round the illustrious personages of Rabbi Samuel and his son Rabbi Judah the Pious, the great religious leaders and mystics in Germany in the 12th and 13th centuries. They were the founders of the great ethical-religious movement of mediaeval Hassidism, and with their pupil Rabbi Eleazar "Rokeach"—the authors of the famous ethical book "Sepher Hassidim" ("Book of the Devout").

2. As an *exemplum* with a pious background our story often served to convey to the listener or reader a moral or religious doctrine. Such stories warmed the hearts of the people and kindled a spirit of love and devotion for the great men of the past. From the exempla of the pious the ordinary folk drew courage and strength in times of adversity.

3. To the student of folklore it is of great importance that our cycle has preserved a great deal of oral tradition which was later absorbed into literature. Originally the cycle was much larger, but not all the traditional material was incorporated into the "canon" of the Ma'aseh Book. Many of the traditions that have come down to us about Rabbi Samuel and Rabbi Judah are still dispersed in a great number of Hebrew and Yiddish Mss. and books. One Hebrew Ms. (of the former Stadtbibliothek in Frankfurt am Main) has been discussed by N. Brüll in "Beiträge zur jüdischen Sagen-and Spruchkunde des Mittelalters" (Jahrbuch für jüdische Geschichte und Literatur, 1889). Here we find 36 stories related to the circle of the mediaeval mystics in Germany, and 21 of them are almost identical with the version in the Ma'aseh Book. Another two interesting Mss. have been preserved in Yiddish. 1. The Joffe Ms., with eight stories, five of which

DR. J. MAITLIS

# THE EXEMPLA OF RABBI SAMUEL AND RABBI JUDAH, THE PIOUS

*(A study in Yiddish Folklore)*

KEDEM PUBLICATIONS

LONDON 1961